№ 34. צווייטער יאהרגאנג

# יודישע
# פאלקס-צייטונג

19 August 1903. פערלאג „פאלקס-בילדונג“ ווארשא. כ"ו אב תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג" איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף"

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פארומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן און העברייאיש און אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „הילף": נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל הין; פראפעסאר באזשענאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ה. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין; א. רייזען; ל. יפה; א. ש. זאקס.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג".

Nr. 34. Jüdische Volks-Zeitung צווייטער יאהרגאנג.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 5 ,
פירטעל־יעהרליך . . . 2.50 ,
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלב־יעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעל־יעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאיאליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פירטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פירטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים איינשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 16 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

19 August 1903. Nr. 34. כ"ז אב תרס"ג.

אויף דעם

## זעקסטען ציוניסטען־קאנגרעס אין באזעל

איז געפאהרען אלס ספעציאל־קארעספאנדענט פון
„יודישע פאלקס־צייטונג“
ה' מ. קליינמאן.

## דאס אומזיסטע שרעקען זיך.

אין עטליכע שטעדט פון גאליציע איז ארויס דער זעלבער פאלשער קלאנג ווי צוריק מיט אפאר חדשים אין רוסלאנד, אז קריסטען ווארפען אין די גאסען פארגיפטעטע קאנפעקטען, כדי צו פארסמ'ען יודישע קינדער. דער קלאנג האט שיעור נישט ארויסגערופען פאנראמען אין רזשעשאוו, לעמבערג און איבערהויפט אין קראקא. די יודען זענען בעפאלען איינזיגע קריסטען, אויף וועלכע מען האט אנגעוויזען, אז זיי ווארפען די קאנפעקטען, זיי האבען זיי געשלאגען, ביז די פאליציי האט זיי פונאנאנדער גענומען.

גאר ניט לאנג האבען מיר אויך אין איינינע גרויסע שטעדט אין רוסלאנד געהערט די אייגענע מעשה. אין ווארשא, ווילנא, בערדיטשעוו און זיטאמיר — האבען אויך מוטערס עטליכע טעג די קינדער פון שטוב ניט ארויסגעלאזען, אום זיי זאלען חלילה ניט געפינען א פארגיפטעטען קאנפעקט. איצטער האט די לעגענדע אוועקגעשפאצירט אזש קיין גאליציע און וואו זי קומט ווארפט זי אן א פחד אויף די יודישע איינוואהנער, מען הערט אויף צו אינטערעסירען זיך מיט די נייטינע טאג־טעגליכע בעשעפטיגונג און מען גיט זיך איבער די איינציגע מחשבה, אז דאס לעבען איז אין געפאהר.

קיין ערגסטער מצב קאן שוין ניט זיין, ווען א גאנץ פאלק ליגט אין טויט־שרעקעניש און קוקט ארויס מיט ציטערניש אויף דעם מארגענדיגען טאג; ווען עס האט מורא די אויגען צו עפענען, טאמער דערזעהט עס ווידער דעם שרעקליכען בילד; ווען עס האט מורא שטארקער ארויפצוטרעטען אויף דער ערד טאמער שיסט ווידער ארויס דאס פייער — אזא צושטאנד קאן קיין גוטס נישט ברענגען.

פון וואנען קומט דאס ארויס?

אהן שום ספק, אז דאס קומט ארויס פון אונזערע צערייצטע נערווען. מיר זענען אזוי איבערגעשראקען פון די לעצטע צייטען, מיר זענען געווארען אזוי נערוועז, אז מיר ציטערען פאר יעדען שארך און אונזער קראנקע פאנטאזיע בעקומט שטענדיג שטאף און מאלט פאר אונזערע אויגען נייע מורא'דיגע בילדער.

אמת, מיר בעקומען טאקי אלע טאג נייע פאקטען, וואס קענען אונז שרעקען. די אונארדענונגען אין לאנדאן און דער שפאגעל נייער פאגראם אין סאפיא (בולגאריע) ווייזען אונז, אז פאר יודען איז ממש נישטא אויף דער ערד קיין ארט, וואו זיי זאלען קענען געפינען רוה. וואס דארף מען שוין דאכט זיך פריינדליכער און בעסער פאר יודען ווי ענגלאנד איז? וואס דארף מען שוין מענשליכער ווי די ארבייטער זענען, די ארבייטער, וואס אונזערע יונגע לייט לויבען זיי אב אין טאג אריין, אז ביי זיי איז חלילה נישטא קיין אונטערשיד פון נאציאנען, נאר אלע פראלעטאריער פון דער גאנצער וועלט זענען ברידער — און דאך, מיינענדיג אז די יודען קאנקורירען מיט זיי — האבען זיי, ווי די צייטונגען האבען ניט לאנג געשריבען, מיט דעם קולאק געוואלט פארטרייבען די סאציאלע פראגע. נאר נאך אזא פאקט דארף מען ניט פאהרען אין ענגלאנד — איהר וועט איהם טרעפען אויך ביי אונז. ווי די צייטונגען שרייבען, איז אין איינע פון די שטעדט א מאסע פון 300 ניט־יודישע ארבייטער בעפאלען אויף די יודישע ארבייטער און האבען זיי געוואלט שלאגען, פאר וואס זיי טרעטען ניט אב דעם פלאץ אין די לעדער־פאבריקען.

און די בולגארען, די אונטערדריקטע, די וואס ווילען זיך בעפרייען פון דעם טערקישען יאך, די וואס פיהלען אליין ווי ניט גוט עס איז צו זיין אונטערדריקט — זיי בעפאלען אויף די יודען, וואס לעבען גאנץ רוהיג און אין פריעדען מיט די בעפעלקערונג. און וואו קומט עס פאר? אין בולגאריע וואו די יודען זענען אזוי וועניג, אזא קליינער פראצענט!

אבער די אלע זאכען זענען דאך שוין ביי אונז קיין נייעס ניט. עס געהט נאך ניט אוועק איין יאהר אהן עפּיס איין אומגליק אין וואסער עס איז א מדינה. אבער שטעהען שטענדיג אנגעגרייט און ווארטען אויף צרות, דאס טארען מיר געוויס ניט, דען דאס שטערט אונזער גאנצען טעגליכען לעבען.

פאר וואס האבען מיר מורא צו האבען, פאר פארגיפטעטע קאנפעקטען? מיר האבען זיך שוין דאכט זיך געקאנט איבערצייגען, אז דאס איז א בבא־מעשה. אויך אין די אכציגסטע יאהרען נאך די ערשטע פאגראמען איז ארויס אזא קלאנג אין פיעל שטעדט און נאך דענסטמאל האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז מעהר נישט ווי איין אויסגעטראכטע זאך.

וואס דען, פאגראמען? דער געוויסער טייל פון המון איז ווירקליך גרייט אין יעדער רגע ביי יעדען צופאל ארויפצופאלען אויף יודען. עס איז אבער דא א העכערע, שטארקערע מאכט: די רעגירונג, וואס קאן צו יעדער צייט איינשטילען די אויפגערייצטע אינסטינקטען פון דעם המון. און ווי באלד, אז די רעגירונג וויל קיין פאגראמען ניט — קענען מיר שוין זיין זיכער און רוהיג, אז מיר וועלען זיין בעשיצט.

און אז די רעגירונג איז אומצופרידען פון די פאגראמען און אז זי וויל איינשטילען דעם כעס פון דעם המון — האבען מיר בעשיינפערליך געזעהן. אין פיעלע שטעדט האט שוין גאר געהאלטען ביי פאגראמען און נאר צו דאנקען די ענערגיע פון דער פאליציי איז געראטען אבצוהאלטען דעם שטורם. אין קישינוב, וואו די בעפעלקערונג איז מעהר אנגערייצט אויף יודען, צו וועלכע די בעוואוסטע חבריא האט איינגעווארצעלט שנאה, האט דער קניאז אורוסאוו, דער נייער בעסאראביער גובערנאטאר, ביי זיין אנקומען, אין זיין רעדע צו דער יודישער דעפוטאציע בפירוש געזאגט: „איך בעטראכט אייך אלס פארשטעהער פון א טייל איינוואהנער, וואס זענען פאררעכענט פאר געטרייע בירגער צו דער רעגירונג. פאר מיר איז קיין יודען און קריסטען נישטא". „איך עהרע און אכטע די יודען אלס געבילדעטע און הויך־ענטוויקעלטע פערזאנען. איך פארהאף, אז די שרעקליכע צופעלע, אויף וועלכע איך קוק ווי אויף א מגפה אדער א מבול, וועלען פארגעסען ווערען. לויט דעם בעפעהל, וואס איז ניט לאנג געשיקט געווארען צו די גובערנאטארען וועל איך שטארק אכטונג געבען, אז די צייטונגען זאלען צו יודען קיין שנאה ניט וועקען. בערוהיגט אייערע ברידער און קעהרט זיך אום צו אייער ארבייט".

אין די ווערטער האט ער דייטליך ארויסגעזאגט די מיינונג פון דער רעגירונג. דער קניאז אורוסאוו האט נאך זיינע ווערטער בעשטעטיגט מיט דעם וואס ער האט אבגעגעבען א וויזיט ביי די פארשטעהער פון דער יודישער געמיינדע, א פאקט, וואס לויט די אדעסער צייטונגען שרייבען, איז עס נאך ניט געוועזען אין דער געשיכטע פון בעסאראביער גובערניע. דער וויזיט האט אויך אין זיך די זעלבע כונה: צו ווייזען פאר די בעסאראבער בעפעלקערונג, אז די רעגירונג אכטעט צוגלייך איהרע אונטערגעבענע, אהן איין אונטערשיד פון רעליגיאן.

ווייטער די אמת'ע רוסישע אינטעליגענץ איז אויפגעבראכט פון די פאגראמען און פארהאלט זיך מיט פאראכטונג צו די אנטיסעמיטען, וואס האבען מיט זייער שנאה צו יודען די אונרוהען ארויסגערופען. זיי ווייזען אויף גאנץ ריכטיג, אז די כלומר'שט פאטריאטען

# פעליעטאָן.

## אין די וואַרמבעדער

(בילדער, טיפּען, באגעגענישען, צרות און פארגניגען.)

פון

**שלום־עליכם.**

ד.

[א פּסק פון א ווייב. יודען מיט קאפּעליושליך. ווייבער מיט פּארוקען. מע שמועסט פון ציהרונג און חיה עטיל פאלט חלשות.]

וואו זענען אהינגקומען די יעקאטערינאסלאווער מאסיוונע דאמע וואס פאהרט קיין מאריענבאד פארליהרען דרייסיג פונט, מיט דער טאכטער די כלה, מיט דער איידעלער שוועסטער וואס זיי האבען ערווארטעט פון אדעס — ווייס איך ניט, זיי זענען ווי אין וואסער אריין. עס קאן זיין זיי האבען זיך באזעצט אין איין אנדער וואגאן און איך האב זיי געוואלט געהן זוכען, האט מיר מיין חיה עטיל געגעבען א פּסק און איז דווקא ניט געווען אונגערעכט.

— וואס הייסט? — זאגט זי צו מיר — מיר זענען נאר וואס אריבער די גרעניץ, ווילסט דו מיך שוין איבערלאזען איינע אליין אין א פרעמד לאנד און געהן זוכען פרעמדע ווייבער?

— טאקי פון דיין טובה וועגען — וויל איך מיך פאר ענטפערען, נאר איך מאך ערגער: „זי דארף ניט, זאגט זי, מיינע טובות, זי קאן זיך זאגט זי באגעהן אהן זיי, און צווייטענס, אז עס וועט איהר זיין שטארק סקוטשנע וועט זי זיך נישקשה אליין אפזוכען א קאמפאניע..." —

און כך הוה, מיר זענען נאר געקומען אונטער לעמבערג האט אונזער וואגאן אנגעהויבען אנגעפילט ווערען מיט יודען און ווייבער — און וואסערע יודען! וואסערע ווייבער! וואסערע קאפעליושליך, וואסערע קאפאטעס מיט וואסערע גארטעליך און מיט וואסערע שיך און זאקען; און די ווייבער — צנועות! טראגען מושקעס, גאנצע שלייערס אויף די קעפ, — רביצינס! היינט די שפראך זייערע! זייער ארט רעדען אלע אינאיינעם, און פונים נארגעל! און מיט די הענט און מיט א נגון!

— אט דאס זענען „דייטשען"? — מאכט צו מיר חיה־עטיל מיט די אויגען.

— וואס זאגסטו דו דערויף? — ענטפער איך איהר אויפ'ן ווינק.

— ארץ ישראל! — מאכט צו מיר מיין ווייב.

קיינמאל האט נאך מיין ווייב אזוי גלייך ניט געזאגט כ'לעבען. ארץ ישראל, ווי איך בין א יוד!

מיר האבען זיך ביידע געפיהלט עפּיס אזוי היימיש, גלייך ווי מיר וואלטען געקומען ניט קיין אויסלאנד, נאר קיין בארדיטשעוו אדער

פיהרען איבער מיט זייערע העצערייען די מדינה און צעשטערען איהר רוה.

און צום סוף דער לעצטער פאקט, דער נייער ציקולאר פון היילינגען סינאד צום קישינובער עפיסקאפ, וועלכען מיר האבען געבראכט אין א פריערינגען נומער, וואו עס ווערד אנגעזאגט מען זאל זעהן אויסוואָרצלען די שנאה צו יודען דורך רעדען צום פאלק. דער פאקט ווייזט אונז גענוי ווי די גייסטליכע פארהאלטען זיך צו דעם און ווי זיי זעהען צו בענוצען זיך מיט זייער ווירקונגס־קראפט אויפ'ן המון, כדי איינצופלאנצען ליבע צו אלע יודען און אנדערע אומות און אויסוואָרצלען די אומזיסטיגע שנאה.

ווען די רעגירונג, די אמת'ע אינטעלעגענץ און איבערהויפט די גייסטליכע, וואס האבען א גרויסע ווירקונג אויפ'ן המון, זענען געגען פאגראמען, קענען מיר דאך האפען, אז סוף כל סוף וועט דאס פארהעלטעניס פון קריסטען צו יודען פארבעסערט ווערען.

אלענפאלס מוזען מיר זיך בערוהיגען און אויפהערען צו לעבען אין ציטערניש, צו געהען מיט אראבגעלאזענע הענט און דעריבער זיך ניט קענען נעמען צו קיין זאך, צו קיין ארבייט.

און צו טון האבען מיר זעהר פיעל אי פאר אונזער „היינט", אי פאר אונזער „מארגען". מעהר ווי אלע מאל מוזען מיר זיך פאראייניגען און אנהויבען היילען אביסל די אינעווייניגסטע פעהלער, און אפשר טאקי אויך גאנץ מאכען די צעריסענקייט פון אונזער פאלק זעלבסט, דער זאל ניט ציהען אהער און דער דווקא אהין, דער זאל ניט זאגען טאג און יענער דווקא נאכט.

גענוג! די טרויעריגע בלעטל צו אונזער געשיכטע איז שוין צוגעשריבען; יעצט דארפען מיר זיך ווידער אומקעהרען צו אונזער טעגליכען לעבען און צו אונזער ארבייט מיט א גלויבען אין אונזער קראפט און מיט בטחון אויף בעסערע, גליקליכערע צייטען.

---

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

דאס קינד איז נאך גאר נישט געבארען, סע איז א סברה, אז אפילו דאס מעוברת־זיין איז נאך גאר נישט אזא קלאר בעוויזענע זאך, און שוין טון זיך אב מחלוקות צווישען מאן און ווייב איבער דעם קינדס וויגעלע, וואו זאל מען עס שטעלען. איך מיין דאס קענען די „אגודת סופרים". נישט דא קיין אגודה, נישט דא קיין סופרים, מאטשעק האט קיין וואגען און וואיטשעק האט קיין פערד; סע איז פארהאנדען דערווייל נאר א פלאן אליין, א פראיעקט הייסט עס וואס איינער א שרייבער האט אויסגעגעבען, צו גרינדען א מין חברה פון יודישע שריי־בערס מיט איין אייגענע קאסע, אזוי ווי להבדיל חברה שניידערס, חברה שוסטערס, חברה בייגעל־מאכערס, חברה קדישא וכו' — אט דאס איז אלעס, און דער איינער, דער שרייבער, מרדכי בן הלל הכהן הייסט ער, וואס האט דעם דאזיגען פראיעקט אויסגעגעבען האט אין איין וועג זיך בעמיהט אויך די ערשטע עטליכע גראשען פון עטליכע יודישע שרייבערס צוזאמען צו נעמען, בכדי צו קענען מאכען די ערשטע נייטיגע שריט — אט דאס איז אלעס, און שוין טון זיך אב מחלוקות ביי אונז אין די צייטונגען עד לב השמים, פארשידענע יודישע שרייבערס קומען און האבען טענות, און פון דער ערשטע מינוט ביז אויפ'ן היינטיגען טאג האבען די מאמרים נאך נישט אויפגעהערט זיך צו מאמר'ן. קומט הער קליינמאן און זאגט אזוי און אזוי, קומט ווידער הער ראזענפעלד און זאגט: לא כי, נישט אזוי גאר אזוי, קומט דער פעליעטאניסט פון „הצפירה" און טענה'ט גאר אנדערשט. קומט ווידער הער טאוויעוו און זאגט זיין סברה, קומט דאן הער ראזענפעלד צום צווייטען מאל און זאגט דארט וואס ער זאגט — אז איין גאט מעג זיך מרחם זיין. הער מרדכי בן הלל האט זיך איינגעקויפט א פנים מפטיר. אויף טייטש הייסט עס, ער האט אריין געשטאכען אין א געסט פון ביענען. מיט יודען, האט די באבע געזאגט, זאל מען געהן אין

---

קיין יארמעלינעץ אויפ'ן יריד. דער חילוק איז נאר געווען דאס, וואס ביי אונז אויפ'ן באהן, אז עס מאכט זיך אזא קאמפאניע האט מען בזיוגות פון די אלע איבעריגע פאססאזשירען, עס ווערד א שמועס וועגען יודען, וואס זענען אומעדום פול און וואס האבען שוין איינגענומען כמעט דאס גאנצע לאנד, און עס לאזען זיך הערען די בעקאנטע ווערטער: „קאהאל", „זשידי", עקספלאאטאטרי", וכדומה זיסע נעמען וואס מע איז שוין מיט זיי ביי אונז ברוך השם געוואוינט געווארען.

געוועהנטליך האבען מיר זיך מיט דער דאזיגער קאמפאניע גיך בעקאנט און גאנץ געשמאק צערעדט זיך. דערהערט פון אונז אז מיר זענען פון „רוסלאנד" האבען די דאזיגע „דייטשען" געקוקט אויף אונז מיט משונה מאדנע אויגען, אונז באטראכט ווי מע באטראכט אשטיי־נער מאלפעס: דאכט זיך מענש און פארט ניט מענש... זיי האבען ביי אונז אויסגעפרעגט איטליכס ברעקיל, געוואלט אויסטאפען וואס ביי אונז אונטער די נעגעל טהוט זיך, זיי האבען זיך אלץ נאכגעפרעגט ביי אונז וואס מיר עסען? צו וועלכען רבי'ן פאהרען מיר? און צי זענען מיר געווען אין „פעטערסבורג"? און צי האבען מיר געזעהען מאסקווא?

קוקען אויף זיי האט מען געקאנט זיכער מיינען אז די דאזיגע „דייטשען" טהוען גאר ניט, נאר זיי פארנעמען זיך מיט פאליטיק. צום סוף אז איך האב מיך גוט צוגעהערט צו זייערע שמועסען האב איך מעהר נישט געהערט פון זיי א חוץ „באקפיש", „א גע[illegible]טערט גענזל", „קאלבסבראטען" וכדומה אזעלכע זאכען וואס זענען שייך צו דער קישקע...

דאס איז געווען ביי מיר צווישען די מאנספילען, און דארט ביי מיין ווייב מיט די דייטשע צנועות איז געגאנגען נאר איין אנדער מין שמועס: די ווייבער פון ביידע צדדים האבען גערעדט פון דער „מאדע", וואס מע טראגט „ביי אונז" און וואס מע טראגט „ביי זיי" און ס'האט זיך אויסגעלאזט, אז חאטש זיי זענען „דייטשען" און מיר זענען „רוסען", פון דעסטוועגען האלט מען ביי אונז פון דער היינטיגער מאדע אסך מעהר ווי ביי זיי.

— א סימן האט איהר — זאגט צו זיי מיין חיה עטי'ל — נעמט א שטייגער אייער ציהרונג און אונזער ציהרונג. ביי אונז א „פרוי" (מיין חיה עטי'ל האט זיך שוין אנגענומען פון זיי און האט שוין אנגעהויבען „שפרעכען אויף דייטש") ביי אונז א „פרוי" זאל אנטהון אזעלכע צווי באמבעס אין די אויהרען, וואלט מען איהר נאכגעלאפען אין גאס...

די ווערטער זענען געזאגט געווארען צו א לעמבערגער דאמע מיט א פארוק און מיט צוויי גאלדענע אויהרינגען וואס האבען זיך מאדנע געבאמבעלט אהין און אהער.

— און וואסערע אויהרינגלעך טראגט מען ביי אייך אין רוסלאנד? — האט זיך אנגערופען פון דער זייט נאך א דאמע מיט א רויט פנים און מיט נאסע אויגעלעך, וואס איז ביז אהער געזעסען אליין אין א ווינקעלי און האט געשוויגען.

שול אריין; פון איין אריטאן, האט די באבע געזאגט, טאר מען זיך קיין געלד נישט בארגען; א מיאוס מיידל, האט די באבע געזאגט, טאר מען קיין קוש נישט געבען. שוין פאר עטליכע יאהרען, בשעת א ווארשעווער ענערגישער יודישער ליטעראט איז געפאלען אויף דעם שכל צו מאכען יעדעס יאהר אן פורים א יודישען באל פון ליטעראטען, האבען די יודישע ליטעראטען פון ווארשוי אנגעהויבען צו פילדערן און צו מאכען קולות און צו מאכען זייערע בייזע העויות, אז מען איז פראסט געקומען צוזאמען צו לויפען. פארשטעהט מען, אז מען האט דעם באל געמאכט א צוויי דריי מאל און — באסטא. יודישע ליטעראטען האבען נישט געקאנט ליידען, אז מען זאל אויך זיי בעטראכטען ווי מענשען, און קומען צו זיי אין פראק און צילינדער, און רעדען צו זיי האלטענדיג אין האנד א בוקעט און א וועיער, — זיי, וואס נאך מיט עטליכע יאהר צוריק האבען זיי זיך עס געהאלטען פאר א זכיה, ווען מען האט זיי דורך די קוכען-טיר געלאזט אריין אין א הויז און מען האט זיי דערלאנגט דעם רובל פאר'ן ספר וועלכען זיי האבען געבראכט. היינט אבער אז מען איז געווארען אדונים, פריצים מיט בעלער, הערען מיט געקרייזעלטע האר, פארשטעהט מען. אז מען האט באלד געקריגען לשון אויך. מען האט באלד אנגעהויבען טענה'ן: מי שמך? פאר וואס שטעהט דער אין דער אויבענאן און נישט איך? פאר וואס איז יענער און יענער דער גבאי פונ'ם באל און נישט איך? פאר וואס האט מען דעם און דעם און יענעם און יענעם אויסגעקליבען פאר מיטגלידער פונ'ם קאמיטעט, פאר איינקאסירערס פונ'ם געלד, פאר מחלקים וואס מאכען די חלוקה וכדומה און נישט מיך? — פארשטעהט מען, אז די עטליכע ענערגישע ארבייטערס, וואס האבען אמת'דיג געארבייט, האבען געזאגט בּיי זיך: מה לי ולצרה הזאת, און האבען זיך גיך אבגעטראגען, און אוים דעם גאנצען האט זיך אויסגעלאזט איין אויסגעבלאזען איי.

איך האב מורא אויב עס זאל זיך נישט אויסלאזען מיט די גאנצע „אגודת סופרים" אויך אזא מין אויסגעבלאזען איי. אונזערע שרייבער ווילען נישט וויסען און עס פאלט זיי גאר נישט איין, אז עס איז פארהאנדען א כלל ביי אלע זאכען אין דער וועלט: אנהויבען כדי אנצוהויבען. די התחלה מוז מען מאכען, און זי מעג זיך זיין ווי עס איז, אבי נאר זי זאל פארהאנען זיין. שפעטער, ווען דאס קינד איז שוין דא אויף דער וועלט את דא מעגסט דו אנהויבען איבער זיין ערציהונג און איבער זיין ענטוויקלונג צו רעדען. פריהער, אזוי לאנג ווי עס קלעבט זיך נאך נישט, קאן יעדעס אומפארזיכטיגע ריהרעלע אלעס אומשיסען. אזוי איין „אגודת סופרים", פארשטעהט מען, וועט עפים נישט זיין באלד צו אנפאנג אזוי פויגעלדיג, אז מען זאל זי קענען שטעלען פאר א מוסטער. מיט דער צייט אבער מאכט זיך אלעס. די זאך אליין אין איהר איינענער ענטוויקלונג וועט שוין מיטברענגען מיט זיך טויזענד עצות און מיטלען און פארמעס, פון וועלכע מיר קענען איצט נאך גאר נישט וויסען. איצט אבער האבען פלפולים אין די צייטונגען איבער די אגודת סופרים — פאר וואס גאר העבראאיסטען און נישט אויך זשארגאניסטען און יודישע שריפטשטעלער אין אנדערע לשונות; פאר וואס געפינען זיך אין דער ליסטע נעמען פון שרייבער וועלכע מיר קענען זיי גאר נישט, און נעמען פון בעוואוסטע שרייבער פעהלען נאך; פאר וואס זאלען אינ'ם קאמיטעט אריין דוקא רעדאקטארען, און נישט דוקא ודוקא אזעלכע וועלכע זענען גאט זיי דאנקען נישט קיין רעדאקטארען, — איצט, זאג איך, זענען אלע די דאזיגע פלפולים, און נאך פיעל אנדערע פלפולים פון דעמזעלבען סארט, יעדענפאלס נישט אין דער רעכטער צייט. גלויבט מיר, איך קען צווישען אונז שרייבער עטליכע צעהנדליגגער, און אפילו אזעלכע וועלכע זענען גרויסע מיוחסים, אזעלכע וועלכע שרייבען טאג און נאכט מאמרים, און פארט זענען זיי קלוג גענוג, נישט צו וועלען קאלע מאכען זיך אפילו איין מינוט פון זייער טייערער צייט און צו האבען דאן עגמת נפש פון אלע

---

— ביי אונז טראגט מען שוין איין מאל אויהרינגלעך! — רופט זיך אן צו איהר מיין חיה עטיל און פוילט זיך ניט און עפענט אויף דעם גרויסען „קאסער" (איך הויב שוין אויך אן שפרעכען אויף דייטש) און נעמט ארויס פון דארטען דאס קליינע רענצילע מיט'ן ציהרונג, וואס איך האב איהר געקויפט דורך דער גאנצער צייט זינט ביי מיר האט זיך באוויזען געלד.

עס ווייזט אוים אז דאס ציהרונג איז דעם עולם שטארק געפעלען, ווארום אלע ווייבער אויך מאנסבילען אפאר האבען שטארק אריינגעקוקט אין די קעסטעלעך אריין, באטראכט מיין ווייבס שענע אויהרינגלעך מיט די גוטע פינגערלעך מיט די פערעל, און מיט'ן גאנצען איבעריגען שמוק, וואס זיא האט זיך ניט געוואלט מיט דעם צעשיידען אפילו אויף איין טאג.

— וואס טויג דיר דאס ציהרונג אין די ווארמבעדער? — טענה איך מיט איהר נאך אין דערהיים פאר'ן אוועקפאהר · א קשיא אויף א מעשה טאמער חלילה גנבה'ט מען דאס ביי דיר אוועק?

— און וואו בין איך? ביים זיך אז די צונג! — ענטפערט זי מיר — דו דארפסט אבער תמיד אויסליינען צו בייזען!...

— מילא, א דאגה! — טראכט איך מיר — דיין ציהרונג דיין דעה!...

דערווייל האב איך מיך מיט מיינע „דייטשען" אזוי פארדרעהט וועגען פאליטיקע און אנדערע ענינים, אז (כ'בין זיך מודה ומתודה!) איך האב נאר פארגעסען אז ס'איז פארהאן ערגיץ א חיה עטיל אויף דער וועלט... און ערשט ווען האב איך מיר דערמאנט? ערשט העטהעט, אז דער נראבער דייטשער קאנדוקטאר מיט'ן מאדנע היטעל אויפ'ן קאפ און מיט איין אומגעלומפערט גרויסען שליסעל אין די הענט איז דורכגעגאנגען פארביי אונז און האט אויסגערופען דוקא הויך אויף א קול נאר מיט אזא מין שפראך וואס איז שוועהר צו פארשטעהן, נעקארקעט ווי א ווארונע: — קרא־קא־ו! קרא־קא־או!

און דאס איבעריגע זאל איך אזוי וויסען פון איהם!

— אט דא־זאגט צו מיר מיין חיה עטיל וועלען מיר עפים נעמען אין מויל אריין.

און זי נעמט מיך אונטער דער האנד אויף דעם אריסטאקראטישען אופן און מיר מאכען ביידע א שפאציר איבערן שענעם גרויסען וואגזאל גאנץ אויפגעליינט, ווי א יונג פארל נאר וואס נאך דער חתונה.

אינים לעבען פון מאן און ווייב טרעפען זיך זעלטען אזעלכע גליקליכע מינוטען, אזעלכע שענע טעג מיט אזא לויטערען הימעל. מעהרסטענטייל איז אדער חמארנע, אדער עס רעגענט, אדער גרויסע קעלטען, אדער עס בראט די זונן אומברחמנות, בריהט און סמאלעט מיט סכנות נפשות, אדער עס ברעכט אוים פלוצלינג א וואלקענבראך, נאכדעם בעווייזט זיך די זונן אויף א ווייליע, טהוט א שמייכעל און ווערד פארשווינדען...

אויב ביי איך קומט דאס פאר אנדערש, זענט איהר אודאי א מוצלח, געבאהרען ווי מע זאגט אין א היפעל, ביי מיר מיט מיין

זייטען; היינט אז עס האט זיך יא שוין געטראפען א יוד א בר שכל קיין עין הרע, וואס ער האט נישט געהאט קיין קלאפּאט האט ער זיך איינגעקויפט די טייערע מציאה צו זיין ביי יודישע שרייבער דער נאנ־צער נאט צו פאר — טא שווייגט זשע ווייניגסטענס, אפשר וועט נאט געבען און די זאך וועט פארט קומען צו עפּיס א שטיקל קיום.

הער ראזענפעלד האט אבער אנדערע אנזיכטען פון דער ראזיגער זאך. שוין עטליכע מאמרים האט אונז הער ראזענפעלד איבער דעמזעלבינען געגענשטאנד געשריבען. נאך דעם ווי ער האט געמאכט א געוואלט, אז די יודישע רעדאקטארען און איזדאטעלעם „עקספּלא־אטירען" די יודישע שרייבער און צאפּען אוים זייער בלוט און ווערען פון זיי רייך און לאזען זיי, די שרייבער, שטארבען פאר הונגער, און נאך דעם ווי די „הצפירה" האט איהם געענטפערט און האט פּלומרשט אביסל חוזק געמאכט פון דעם גרויסען עשירות, וועלכען די יודישע איזדאטעלעם און רעדאקטארען האבען מישטיינסגעזאגט אנגעזאמעלט, אז בלייבען זאל עס נאך שונאים'ם טויט, — דא קומט הער ראזענ־פעלד ווידער מיט א מאמר אין נומער 171 פון „הצפירה" און טענה'ט, אז עס זענען פארהאנדען צוויי מינים פון עקספּלאאטאציע. איינע, אז דער פאבריקאנט וויל פון'ם ארבייטערס שוויים רייך ווערען און צאהלט איהם דעם קלענסטען לוין, אבי נאר דער ארבייטער זאל קאנען זיין נשמה דערהאפּען, און איינע איין עקספּלאאטאציע אז דער פאבריקאנט אליין האט א שלעכטען געשעפט און קאן נעביך נישט מעהר צאהלען ווי ער צאהלט, נאר אבער ווען ער צאהלט נישט אייך דאס ווענינע וועלכעם ער האט צוגעזאגט, אדער ער צאהלט עס איהם נישט אין דער צייט און ענטפערט איהם אפילו אויף א בריף נישט, אזוי ווי די יודישע רעדאקטארען זענען זיך נוהג מיט די שרייבער, הייסט דאס דאך איין עקספּלאאטאציע. חלעבען, זעהר שען פילאזאפירט. מען דערקענט באלד א גמרא־קעפּל!

„איך האב קיין טענות נישט—שרייבט ער—צו די יודישע רע־דאקטארען, דאס זיי צאהלען נישט פיעל, ווייל זיי ווילען רייך ווערען. איך ווייס, אז אונזער יודישער עקספּלאאטאר, דאס איז דער לעזער או. ז. וו. איך האב נאר טענות ווענען דאס שלעכטע בענעהעען־זיך פונ'ם רעדאקטאר צום שרייבער אין אלדינג; אז דער שרייבער איז אייבינג — אין אפילו דא וואו מען האט איהם געבעטען — אין די אוי־נען פונ'ם רעדאקטאר ווי איין אומגעבעטענער גאסט, ווי איינער וואס געהט איהם אין וועג אריין, און ער ענטפערט איהם ווי ווען אשר וואלט איהם דאצו נייטען; אז יעדע פּרושה, און אפילו דער קליינסטער האנאראר, קומט דעם שרייבער אן מיט אנגסט־שוויים און מיט פיעל הוצאות־מאכען, און נישט נאר אין געלד־זאכען, ניין, אויך אין ליטע־ראטור־זאכען בענעהט זיך אזוי דער רעדאקטאר מיט דעם שרייבער. חדשים אין יאהרען קענען אמאל אוועק נעהן, ביז דער שרייבער דערוואוסט זיך וואס פון זיין כתב־יד איז געווארען, אזוי ווי ווען די ארבייט פונ'ם שרייבער וואלט קומען פון דער לופט..."

הער ראזענפעלד איז נאך יונג. איך וויל איהם נישט זיין קיין שלעכטער פריינד און איהם ווינשען, אז ווען ער וועט עלטער ווערען זאל ער נאך ווערען א רעדאקטאר פון א יודישער צייטונג און דאביי בלייבען עטליכע יאהר. בעסער זאל ער גאר נישט געטריבען ווערען מיט דעם וואס אנדערע זענען שוין געטריבען געווארען, מיר דאכט זיך דאס ער, אלס רעדאקטאר, וואלט זיין דער ערשטער וועלכער וואלט שרייען געוואלט אז מען דארף גאר האבען איין „אגודת סופרים", אום די רעדאקטארען צו בעשיצען פאר זייערע מיטארבייטערם. מילא די טענה ווענען דעם האנאראר בין איך איהם מוחל — ער אליין דאכט זיך איז גאר נישט ווייט פונ'ם אמת און ווייסט וואס עס הייסט „בדליכא" און עס איז נאר א שפּילעריי פון איהם, וואס ער טשעפּעט זיך צו און טענה'ט אז לכל־הפחות דאס וואס מען האט צוגעזאגט מוז מען געבען. האנאראר איז להבדיל ווי א גדן, און אויך ביי א גדן טרעפט זיך דאך א מאל אז מען גיט נישט דאס וואס מען האט צו־געזאגט. אז הער ראזענפעלד וואלט וועלען זיין פאנטאזיע נאך א קליין שטיקעלע ווייטער בעמיהען, וואלט ער קאנען ארויסגעפינען אז,

---

חיה עטלין בין איך זיך מודה קומט מאר זעלטען אועלכע גליקליכע לויטערע זונענדינע טעג. ווער פון אונז איז דא מעהר חייב — קאן איך אייך נישט זאגען. איך בין בטבע א יוד א צו להכעים'ניק און מיין ווייב איז א דאמע מיט נערווען; צו להכעים מיט נערווען — איז פייער מיט וואסער, סאדע מיט קרעמעטארטערום; קומען זיך צענויף אינאיינעם — קאכט עס...

דערפאר אבער אז עס גיט זיך אוים ביי אונז א שענער טאג און די זונן טוט א שיין, בענוצען מיר זיך, דערמיט ווי ווייט מעגליך און שעפּען פארגניגען מיט'ן פולען מויל.

— חיה עטיל קרוין, וואס זאגסט דו אויף דעם לאנד, ווי פריי, ווי גוט דא איז!

— א גן־עדן! — זאגט זי צו מיר, ווי איהר שטייגער איז און טהוט מיר א קוק אין די אויגען אריין אזוי פריינדליך, אז עס ווייזט זיך מיר אוים אז קיין שענערם פון איהר איז נישטא אויף דער וועלט און איך רוף זיך אן צו איהר:

— ווי מיינסט דו, נשמה מיינע, וואלסט וועלען אשטייגער זיך דא באזעצען אויף שטענדיג?

— מיט דיר? אך, פאר וואס ניט?

— מיט דעם וואס איז ליב אפילו אין א שאלאש? — זאג איך צו איהר מיט דעם נוסח וואס אין די ביכלעך שטעהט געשריבען.

דערויף ענטפערט זי מיר נאר מיט א זים שמייכעלע, איינע פון די שמייכעליך וואס מאכט פריילך דעם הימעל, די ערד, די גאנצע וועלט, אלע מענשען בעקומען דעמאלט נאר איין אנדער פנים. אפילו דער קאנדוקטאר, וואס נעהט פארביי, אפילו דער זשאנדאר מיט'ן גרוי־סען פעדער, אפילו דער ארעמער דייטש דער קאליקע, וואס שטעהט אפגעריסען און ווארט אויף א נדבה — אלץ אלץ בעקומט איין אנדער פנים מיט איין אנדער געשטאלט, אלעם שמייכעלט, אלעם זינגט, אלעם טאנצט, אלעם גרוסט צו אונז גאר פריינדליך!

— חיה עטיל...

— וואס איז, מיין טייערער?

— לאמיר זיך געבען איינס דאס אנדערע דאס עהרען ווארט, אז פון היינט אן און ווייטער זאלען מיר זיין שטענדיג שלום, שטענדיג גוט, קיין מאל זיך ניט קריגען, קיין מאל זיך ניט...

פלוצלינג רייסט זי אוים ביי מיר איהר האנד, טהוט זיך א ווארף צוריק און שרייט אוים ניט מיט איהר קול:

— דאס קוישעל! דאס קוישעל!

— גאט איז מיט דיר! וואסער קוישעל?

— דאס קוישעל מיט'ן ציהרונג! — שרייט זי אוים און פאלט חלשות.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווי פיעל מענשען עס זענען געוועזען אויפ'ן וואגזאל זענען זיך אלע צענויפגעלאפען. עס איז אויסגעוואקסען אין דער מינוט א דאקטאר מיט

ווען א יודישער רעדאקטאר טוט די דאזיגע עולה, וועלכע ער האלט איהם פאר, טוט ער עס, אסור נישט פון צופיעל גוטס. אל תדון את חברך עד שתגיע למקומו. נאר זעהט איהר וואס סע איז שייך צו די צווייטע טענה, דא זאג איך ערשט רעכט, מען זאל נישט איבער יענעם אורטיילען אזוי לאנג ווי מען איז נישט צו דער דאזיגער לאגע אליין געקומען. ווער עס האט געארבייט עטליכע יאהרען אין א רעדאקציע, ווייס וואס עס הייסט פריוואט-בריוועלעך פון זיינע מיטארבייטער לייענען און — אויף זיי ענטפערן. הונדערט, צוויי הונדערט א טאג, און איין אנפראגע און איין טענה נארישער פון די אנדערע. איך רעד נישט פון די צוויי דריי ערענטליכע מיטארבייטער, וועלכע מוזען געוויס מיטליידען דורך די איבריגע. דער רעדאקטאר מוז זיך מאכען א פרינציפע, ביי קיינעם נישט קיין אויסנאהם צו מאכען. אז א רעדאקטאר, ווערט נישט משוגע פון זיי, איז עס נאר מעשה נס, איך רעד שוין נישט פון דעם צייט-פערלירען, אז מען זאל זיך אריין לאזען אין די טעגליכע פריוואט-קארעספאנדענציעס. נאר דאס וואס יעדער ווערט באלד א יחסן און מיינט אז נאר ער איז און נאר ער האט דאס געגעבען דער וועלט איין אנטיקל און נאר איהם קומט דאס א טעלערל פון הימעל, אט דאס איז די צרה. ער וויל זיך נישט איבערלעגען, אז באמת האט ער גאר קיין רעכט נישט אנצופרעגען, למשל, וואס הערט זיך מיט זיין ארטיקעל אוןווארטען אויף א תשובה — ממה נפשך, איז דאס ארטיקעל גוט אדער פאסיג פאר די צייטונג, וועט עס ווערען געדרוקט, אלא ניין, ברויכט מען נישט ערשט צו ענטפערן; מאכט זיך אבער, אז דאס ארטיקעל איז גוט און רעכט און קאן פארט, מחמת פארשידענע סבות, ערשט געדרוקט ווערען נאך עטליכע וואכען, טא טאר מען נישט זיין אזוי היים געבאדען און מוז מען קאנען ווארטען. דאס פארלאנגען איין ענטפער איז אייגענטליך נאר דאס וואס דער שרייבער וויל דורכאוים זיין אייגענליעבע ווי אים ניכסטען בעפרידיגען. איז עס איין עולה וואס א מענש

וועלכער איז זעהר בעשעפטיגט און האט טויזענד וויכטיגערע זאכען צו בעזארגען, קוקט זיך אויף אזא קליינע נעבענזאך גאר נישט אום?

סע איז נישט דא דער ארט „די פראגע" אויספיהרליך צו בעהאנדלען און צו ווייזען וואס רעדאקטארען ליידען פון מיטארבייטער, יעדענפאלס וואלט מען גאר דארפען האבען א מין שוטץ צו בעשיצען די רעדאקטארען פון געוויסע מיטארבייטער!

לעקטאר.

---

# פאליטישע ענינים.

(דער סקאנדאל אין אונגארן. דער נייער פאפסט. די שיטה פון נייעם פאפסט. צווישען רוסלאנד און יאפאן).

אין אונגארן איז קיין נייעס נישט א ניי מיניסטעריום, דארטען בייטען זיך מיניסטארען כמעט יעדען סעזאן. זעלטען אז א מיניסטעריום זאל אויסהאלטען איינינע יאהר און ווי די רעגירונג זאל נישט וועלען צוליב טון דעם פאלק געפינען זיך שטענדיג פארטייען, וואס ווילען זיך אינגאנצען אבשיידען פון עסטרייך און זענען מיט די פיהרונג פון מיניסטעריום נישט צו פריעדען, און סוף כל סוף מוז דאס מיניסטעריום פאלען: אויך דאס היינטיגע מיניסטעריום פון גראף קוהן העדערוואר י, וואס מען האט גערעכענט, אז ער וועט שוין אויסגלייכען אלע סכסוכים און וועט ברענגען אין לאנד פריעדען, האט געמוזט פאלען פאר דער צייט.

אויף גראף קוהן העדערוואר י ווארפען ארויף זיינע געגנערס א שווערע שולד. א געוויסער אבגעארדענטער זולטאן פאפ זאגט עדות אין רייכסטאג, אז מען האט איהם געוואלט משחד זיין, פראסט אבקויפען איהם מיט געלד פאר דער אונגארישער רעגירונג. א טאג פאר דעם — דערצייהלט פאפ — איז צו איהם געקומען א געוויסער דיענעס און האט איהם געגעבען צעהן טויזענד קראנען, ער זאל פאהרען אהיים און נישט זיין אין פארלאמענט. געלד — האט איהם דיענעס געזאגט — האט ער בעקומען צוועלף טויזענד קראנען נאר ער וויל אן דעם עסק פארדינען צוויי טויזענד קראנען מעקלעריי און האט פאפ'ן נאר צעהן טויזענד קראנען געגעבען.

און נאך איידער דער עולם האט זיך בערוהיגט וועגען דעם סקאנדאל האט מען דערצעהלט פון נאך אזא סארט סקאנדאל. מען האט געוואלט אונטערקויפען א רעדאקטאר פון א צייטונג, וואס איז געגען דער רעגירונג. מען איז זיך משער, אז מען האט נאך אנדערע אבגעארדענטע געוואלט אבקויפען, נאר זיי מאכען א שווייג.

און דער טומעל און לארם, דער געפילדער און געשרייען אין פארלאמענט איז געווארען פון מינוט צו מינוט שרעקליכער ביז דער פרעזידענט פון פארלאמענט גראף אלבערט אפאני האט בערוהיגט דעם עולם און מען האט געזעצט אבעזונדערע קאמיסיע, וואס זאל די זאך חוקר ודורש זיין. 15 שעה כסדר זענען די אבגעארדענטע געזעסען און אונטערהאנדעלט די דאזיגע פראגע און עס איז געבליבען מען זאל דערוייל גאר נישט רעדען וועגען דעם מאוסען סקאנדאל און ווארטען, וואס די קאמיסיע וועט וועגען דעם דערגעהן.

און די קאמיסיע איז דערגאנגען, אז דער וואס האט געגעבען די צוועלף טויזענד קראנען איז דער גראף לאדיסלויס סאפארי

---

איין אפטייק און מע האט מיין חיה עטלין אפגעמינטערט. און אז מע האט זי אפגעמונטערט האט זי זיך ערשט דערמאלט רעכט צעוויינט.

— וועה איז מיר, ווינד איז מיר! מיין ציהרונג! מיין ציהרונג!! —

עס האט נישט געהאלפען מעהר קיין גוטערער, קיין טרייסטען, קיין צוואנגען איהר קויפען אנדער ציהרונג — זי וויל ניט הערען. זי ברעכט די הענט, זי וויינט, זי חלשט, זי עקט זיך.

— אוי וועה מיין ציהרונג! נישטא קיין ציהרונג! פארפאלען דאס ציהרונג! . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאס ציהרונג איז פארפאלען און די מאסיוונע דאמע מיט דער טאכטער די כלה האבען זיך נעשוינען.

— וואס איז אייך געשעהן, וועה איז מיר? — פרעגט איצט די מאסיוונע דאמע, און אז זי ווערד געוואהר פון אונזער שאדען ברעכט זי די הענט און פרעגט. ווי אזוי פיהרט מען דאס אט אזוי ציהרונג אויבען אויף? און אלע וואס דערהערען פונ'ם שאדען ברעכען די הענד און פרעגען ווי קומט דאס מע זאל פיהרען ציהרונג אזוי אויבען אויף?

— ס'איז אלץ ער, ער מיט זיין צונג! — זאגט חיה עטיל און איהר ווייסט דאך שוין וועמען זי מיינט!...



וועלכער איז בעקאנט אלס איינער פון קוהן העדערוואריס בעסטע גוטע פריינד. נאר גראף סאפארי זאגט, אז ער האט דאס געטאן על דעת עצמו, אז גראף קוהן העדערווארי ווייסט נישט פון וואס צו זאגען נאר די געגנערס פון דער רעגירונג ווילען עס בשום אופן נישט גלויבען און בעשולדיגען נאר דעם גראף קוהן העדערווארי אין דעם, און דעריבער העט דער בעשולדיגטער מיניסטער־פרעזידענט געמוזט זיך אבזאגען פון זיין שטעלע איידער פונאנדער צו שיקען די אבגעארדענטע און הייסען קלויבען נייע. און אונגארן ערווארטעט ווידער גרויסע אונרוהען.

אונרוהען האט מען אויך ערווארטעט אין רוים ביים אויסקלויבען א נייעם פאפסט, אלע אייראפייאישע רעגירונגען, וועמען די פאפסט פראגע אונטערעסירט נאר, האבען זיך בעמיהט, אז זייערע קאנדידאטען זאלען געוועהלט ווערען, איבערהויפט האט מען זיך גערעכענט אויף איינעם פון די צוויי קארדינאלען ראמפאלא און וואנאטועלי וועלכע זענען ביידע בעוואוסט אלס גרויסע און וויכטיגע פאליטיקער, נאר דער קאנקלאוו האט געמאכט א סיורפריז די גאנצע אייראפייאישע וועלט און האט נאר אויסגעקליבען דעם קארדינאל יאזעף סארטא, אויף וועלכען קיינער האט כמעט נישט גערעכענט.

וואס פאר אשיטה וועט דער נייער פאפסט, יאזעף סארטא אדער ווי ער רופט זיך שוין פיאוס דער צעהנטע. אין דער פאליטיק האלטען ?

אויף די שאלה, ענטפערען די פאליטיקער פארשידען, און בכלל איז שווער צו בעשטימען וועגען דעם, ווייל פאפסט פיאוס דער צעהנטער האט זיך זייענדיג א קארדינאל נישט געמישט אין פאליטיק־זאכען, ער האט איבערהויפט נישט ליב די פאליטישע אינטריגעס, בטבע איז ער א רוהיגער מענש, און גיט זיך מעהר אב מיט עניני שמים ווי מיט וועלטליכע, פאליטישע זאכען, נאר אויב ער וועט אזוי גלייכגילטיג בלייבען צו דער פאליטיק זייענדיג א פאפסט ווי זייענדיג א קארדינאל, וועט קיין נייעס אין וואטיקאן נישט פארקומען. ראמפאלא וואס איז געוועזען דער גאנצער פאליטיק־פיהרער אין די לעצטע יאהרען פון פאפסט לעא דער דרייצענטער וועט מסתמא ווייטער פיהרען די פאליטיק און פראנקרייך און רוסלאנד, וועלכע זענען זעהר צופריעדען געוועזען מיט דעם אלטען פאפסט, וועלען אויך ווי מען קאן פארויס זעהען צופריעדען זיין מיט דעם נייעם פאפסט פיאוס דעם צעהנטען.

רוסלאנד איז אויך צופריעדען מיט דער רייזע פון איהר קריגס־מיניסטער גענעראל קוראפאטקען, וואס ער האט געמאכט אין ווייטען מזרח. מיט זיין רייזע האט דער געגעראל קוראפאטקען צושטערט אלע פלענער, וואס די ענגלישע רעגירונג האט געפלאנירט ווי צו מאכען א שנאה צווישען רוסלאנד און יאפאן. די פריינדשאפט צווישען די ביידע מלוכות, וואס האט געהאלטען אט אט ביים פונאנדער געהען איז ווידער אויפגעפרישט געווארען און רוסלאנד קאן ווייטער איינגעשטערט ארבייטען אין מאנדזשוריע פאר איהר האנדעל און דארף נישט מורא האבען אז יאפאן וועט דערמיט נישט זיין צופריעדען.

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— די רעגענס און שטורם־ווינטען, וואס זענען די לעצטע צייטען אין פארשידענע ערטער אין רוסלאנד געוועזען, האבען געבראכט גרויסע אומגליקען אין לאנד עס האט אויך געקאסט מענשענס לעבען און מיליאנען היזקות אין געלד. אין טשיפא ביי פארט ארטור האט דער רעגען גאנצע הייזער פארטרונקען, בריקען אויסגעריסען, 700 מענשען זענען דערטרונקען געווארען און 2000 זענען געבליבען אהן דירות און לעבענס־מיטעל. אין א קליין שטעדטל ביעשענקאוויטש (וויטעב. גוב.) האט דער האגעל אויסגעהאקט 8,600 שויבען און אויף די פעלדער געמאכט היזק אויף 90,000 רובל. אין ראדומער גוב. האבען די רעגענס געמאכט היזקות אויף די פעלדער פאר 800,000 רובל. אין קיעווער גוב' האט א שטורם ווינט, וועלכער האט נאר געדויערט 5 מינוטען חרוב געמאכט גאנצע 3 דערפער, בוימער אויסגעריסען, הייזער צעבראכען, אסך מענשען האט דער ווינט ארויפגעהויבען גאנץ הויך און האט זיי מיט אזא קראפט צוריק ארונטער געווארפען, אז זיי זענען אויף דער שטעלע געשטארבען.

— אין אדעסא האבען די בעדיענטע אויף די טראמוויען אויפגעהערט צו ארבייטען אויך אנדערע ארבייטער פון פארשידענע פאבריקען און אנשטאלטען האבען איינגעשטעלט די ארבייט; דער אדעסער גראדאנאטשאלניק געגעראל א־סעניעוו האט צונויפגערופען א קאמיסיע האט אויסגעהערט די טענות פון די ארבייטער, און האט צוגעזאגט, אז ער וועט די בקשות, וועלכע זיי זענען גערעכט נאכגעבען, דערביי האט ער פארגעלעגט די ארבייטערס זיי זאלען באלד אנהויבען ווידער ארבייטען, אויך האט דער גראדאנאטשאלניק ארויסגעגעבען א צירקולאר אין וועלכען ער בעט מען זאל פאלגען די פאליציי ווען זי הייסט דעם עולם ניט שטעהן אויף דער גאס בעת אונארדענונג, אויב נישט וועט ער געצוואונגען זיין זיך צו בענוצען מיט געוועהר, לויט געזעץ.

— אין טיפלים (קאווקאז) זענען פארגעקומען אונרוהען צווישען די ארבייטער און די פאליציי האט געמוזט מעהרערע ארבייטער ארעסטירען אויף דריי חדשים און אנדערע אויף איין חודש.

— דער סטרייק אין באקו האט געבראכט שאדען די נאפט סוחרים אויף 12 מיליאנען רובל.

— די האלענדישע רעגירונג האט בעשלאסען, אז איהר געזאנדטער זאל זיך נישט מעלדען ביי דער נייער רעגירונג אין סערביע.

— דער אמעריקאנישער מיליאנער מארגאן האט געשאנקען צו דער נייער קונסט־גאלעריע, וואס מען בויעט אין וואשינגטאן (אמעריקא) זיינע קונסט־בילדער, וואס בעטרעפען 24 מיליאנען מארק.

— אין ניו־יארק האט מען אנגעהויבען איינצוואדפען 400 הייזער אין די 31 און 32 גאס און אויף דעם פלאץ וועט מען בויען איין ריזען גרויסען וואקזאל. אין די איינגעווארפענע הייזער, וועלכע בעטרעפען 5 מיליאנען דאלאר האבען געוואהנט 11,200 מענשען.

— די קינדער פון סערבישען קעניג זענען אבגעפאהרען פון פעטערסבורג איבער וויען נאך בעלגראד. די סערבישע אפיציערען, וועלכע זענען געפאהרען בעגעגענען די סערבישע פרינצען, האט די רוסישע רעגירונג נישט אריינגעלאזט אין רוסלאנד, ווייל זיי האבען איין אנטייל גענומען אין די רציחה פון קעניג אלכסנדר.

— די דריי סערבישע גווארדיע־אפיציערען, וואס זענען געקומען אין וויען אבווארטען די סערבישע פרינצען, וועלכע זענען געפאהרען פון פעטערסבורג קיין בעלגראד האבען געהאט גרויס חרפות פון דעם וויענער פובליקום, וואס האט זיי דערקענט און זיי שטארק געזידעלט.

## דער נייער פאפסט.

דער נייער פאבסט יוסף סארטא איז געבארען דעם 2 יוני אין יאהר 1835 אין דער שטאדט ריזע אין איטאליע. אין יאהר 1884 איז ער געווארען בישאף אין מאנטואי און אין יאהר 1893 איז ער געווארען קארדינאל און פאטריארך פון ווענעציע, וואו מען האט איהם פאר זיין תמימות און גוטסקייט שטארק ליב.

דער נייער פאבסט שטאמט אב פון א פויערישע פאמיליע און זיין מוטער און שוועסטער קליידען זיך נאך היינט אין פראסטע פויערישע קליידער.

זייענדיג א קארדינאל האט זיך סארטא נישט געמישט אין פאליטיק, מיט די איטאליענישע רעגירונג, וועלכע איז תמיד פארפיינדעט מיט דעם וואטיקאן, האט ער געלעבט בשלום, ווען דער איטאליענישער קעניג הומבערט האט זיך אין ווענעציע בעגעגענט מיט דעם דייטשען קייזער ווילהעלם האט דער קארדינאל סארטא, דער היינטיגער פאבסט פיאוס דער צעהנטער, געמאכט א וויזיט דעם קעניג הומבערט, חאטש אין וואטיקאן איז מען דערמיט נישט צופריעדען געוועזען.

— זונטאג דעם 9 אויגוסט האט מען געקריינט דעם נייעם פאבסט אין דער קאטעדראלע פון דעם היילינגען פעטער.

### II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די „סליעדסטווא" וועגען די פאגראמען אין קישינוב האבען זיך שוין געענדיגט און זיינען אויפגעשיקט געווארען צוזאמען מיט דעם בעשולדיגונגס אקט אין אדעסער סודעבנא פאלאטאי דער משפט וועט בעהאנדעלט ווערען אין טיראספאלער סודעבנא פאלאטא.

— תשעה באב האט מען אין קישינוב מקבר געוועזען די ספרי תורות, וואס זענען צעריסען געווארען בשעת דעם פאגראם, דערביי נעבען די קברים פון די הרוגים. דער קבר, וואו מען האט די ספרי תורות בעהאלטען איז אויסגעפלאסטערט מיט מארמאר שטיינער, אלע 30 ספרי תורות ליגען אין א לעהמענע כלי מיט א דעק, אויף דער כלי איז אין קורצען בעשריעבען די געשיכטע פון פאגראם און פאר וואס מען האט די ספרי תורות מקבר געוועזען אויף דעם בית הקברות. איינינע רבנים האבען געהאלטען ביי דער קבורה זעהר ריהרענדע דרשות.

— די לעצטע צייט עמיגרירען פון קישינוב זעהר פיעל יודען, די שטאדט פארוואלטונג גיט די עמיגראנטען רייזע־פעסער אומזיסט.

### III. ציוניסטישע נייעס.

— אין מאנשעסטער (ענגלאנד) איז נישט לאנג געוועזען א גרויסע ציוניסטישע אסיפה, אויף דער אסיפה האבען געהאלטען רעדעס ד"ר גאסטער און ד"ר לאנדא, וואס האבען אויף די צוהערער א שטארקען איינדרוק געמאכט.

— די „אלג. יוד. צייט." שרייבט, אז ד"ר הערצל וועט אויפ'ן קאנגרעס פארטראגען וועגען קויפ'ן א שטיק לאנד, נישט ווער על אריש נאר איין אנדערס, ד"ר הערצל האט געבעטען ביי דער יקא זי זאל דערצו געבען 75 מיליאן פראנק. די יק"א אבער האט איהם ענטזאגט.

---

## ד"ר הערצל אין ווארשא.

דאנערשטאג י"ד אב איז ד"ר הערצל דורכגעפאהרען דורך ווארשא פאהרענדיג קיין פעטערסבורג.

ד"ר הערצל איז געקומען מיט דעם קוריער־צוג פון וויען פינף מיט פינפציג מינוטען אין דער פריה, און איז געפאהרען קיין פעטערסבורג זייגער אכט מיט צוואנציג מינוטען.

ער האט זיך אויפגעהאלטען אין ווארשא נאר פון איין צוג ביז דעם צווייטען, מעהר אלס צוויי שעה.

כדי נישט צו מאכען קיין גרויסען אויפזעהן, האבען די נאהנטסטע בעקאנטע פון ד"ר הערצל, געהאלטען פאר ריכטיג עס צו האלטען בסוד,

נאר איינינע מענשען צווישען זיי, דער רעדאקטאר פון „הצפירה" נ. סאקאלאוו און י. יאסינאווסקי וואס האבען געוואוסט דערפון, זענען ארויס איהם אבוואַרטען און האבען מיט איהם פארבראכט די גאנצע צייט וואס ער איז געוועזען אין ווארשא, און האבען איהם בעגלייט ביז'ן פעטערסבורגער וואגזאל.

בעגלייט האט איהם אויף דער רייזע דער בעוואוסטער ציוניסט ד"ר קאצענעלסאהן אוים ליבוי.

פרייטאג אכט דעם זייגער אין דער פריה איז ד"ר הערצל אנגעקומען אין פעטערסבורג.

צוליב דער דאזיגער רייזע האט ד"ר הערצל געמוזט אונטערברעכען זיינע אברוה טעג וואס ער רוהט זיך געוועהנליך אב פאר דעם קאנגרעס אין זיין זומער וואהנונג אין אלט אוססיי.

ד"ר הערצל זעהט זעהר גוט אוים אויפ'ן פנים און פיהלט זיך בעסער אין געזונד ווי פאריגעס יאהר.

ד"ר הערצל, וועלכער איז געוואהנט צו רייזען, איז דאס ערשטע מאל אין רוסלאנד, א סך זאכען האט איהם אהין געצויגען, און איבערהויפט דער אידעאל אויף וועלכען ער האט מקריב געוועזען זיין גאנץ לעבען. נאר מחמת די צייט איז זעהר קורץ געוועזען האט ער נישט געקאנט זיך לענגער אויפהאלטען.

ד"ר הערצל האט זעהר בעדויערט וואס די צייט ערלויבט איהם נים בלייבען אין ווארשא א פאר טאג און האט פארזיכערט זיינע בעגלייטער, ווען עס וועט נאר מעגליך זיין וועט ער צוריקקוועגס פון פעטערסבורג קיין וויען זיך אבשטעלען אין ווארשא אויף צוויי טעג.

---

## דער רבנים־קאנגרעס אין קראקא.

דער קאנגרעס איז זעהר וויכטיג און אינטערעסאנט. ווען די די רבנים זאלען געווען פריהער האבען דאס לעצטע פראגראם וואלטען הונדערטער רבנים געקומען. עס האט קיין שום רב נישט געוואוסט נאך וואס מען פאהרט. די רבנים פיהלען ערשט איצט, אז דער קאנגרעס איז טאקי נייטיג געווען.

און די יודען פון קראקא און פון גאנץ גאליציע פיהלען. אז עפים גאנץ נייעס, עפים נאר א משונה זאך טוט זיך דא אב. אין די גאסען איז א גערודער, א געלויף, יונג און אלט זענען אויף, וואו מען געהט און וואו מען קומט הערט מען נישט מעהר שמועסען נאר פון די רבנים. דאס האטעל, וואו דאס רוב רבנים שטעהען איין און אויך דאס בית־המדרש „בני אמונה", וואו די זיצונגען זענען, זענען א גאנצען טאג פון טויזענטער נייגיעריגע מענשען בעלעגערט, און ווען פאליציי־קאמיסערס מיט עטליכע וואכלייט און מיט גענדונגענע טרעגערס זאלען נים דעם גאנצען טאג בעוואכען די צוויי הייזער, וואלטען זיך צעהנטויזענטער מענשען אריינגעשטופט און א סך פון זיי וואלטען דערשטיקט געווארען. פון גאנץ גאליציע קומען איינגענט צו פאהרען טשיקאווע מענשען, חאטשבי א קוק צו געבען ווי אזוי עס זעהט אוים. זעהר א סך דייטשע, פוילישע און יודישע צייטונגען האבען אריין געשיקט רעפארטערס פון אלץ צו בעריכטען. פאטאגראפען ארבייטען די גאנצע וואך גאנצע טעג אבצונעמען פארשידענע בילדער פון די זיצונגען. יעדען טאג קומען צו נייע וויכטיגע רבנים, וואס האבען זיך פארשפעטיגט.

שטארק התעוררות האבען מיר געהאט זונטאג 16 מאג אין אב בײ דער שבועה, וואס אלע רבנים האבען צוזאמען געשווארען אין דער אלטער שוהל בײ דעם אפענעם ארון קדש, אז דאס בלוט־בלבול איז שקר וכזב, אך איז דאס געווען א שעה! ווער עס האט דאס ניט געזעהן קאן זיך גאר קיין פארשטעלונג נישט מאכען דערפון. יום כפור צו כל נדרי איז גאר קיין פארגלייך ניט. אלץ האט געוויינט ווען די רבנים אין טליתים איינגעהילט האבען פאמעליך ווארט בײ ווארט געזאגט די לאנגע שבועה. ליכט האבען געברענט, טרערען האבען זיך געגאסען נאך מעהר ווי דער שוויים פון די שטערענס אינ'ם גרויסען ענגעניש.

תיכף זונטאג איז געווען די ערשטע זיצונג. צום פארזיצענדען איז געוועהלט געווארען דער קראקאווער רב, זיין שטעלפארטרעטער דער רב פון קאירא.

דער סעקרעטער, דער רב פון קובין (אונגארן), שטעלט איין אנטראג מען זאל שיקען דעם קייזער פון עסטרייך א בעגריסונגס־טעלעגראם. אנגענומען.

דאס רוב רבנים האלטען לשון־קודש'ע רעדעס.

דער קראקאווער רב שטעלט איין אנטראג, מען זאל מאכען א קאמיסיע וואס זאל צעגזורירען אלע אנטרעגע, און זאל פארלעגען פאר די זיצונג נאר וויכטיגע אנטרעגע. די רבנים ווילען אבער דאס נישט.

מאנטאג פאר מיטאג שטעלט דער רב ר׳ וואלף מרגליות פון גראדנא א נייטיגען אנטראג, דער קאנגרעס זאל בעשליסען אז די יודען, וואס זענען זיך מתחבר צו חברות געגען די רעגירונג, האלט מען זיי שוין נישט פאר יודען, ווייל אונזער תורה, הייסט געטריי זיין דער רעגירונג און אזוינע יודען זענען א סכנה פאר'ן פאלק.

אנדערע רבנים זאגען, אז מען זאל זיי נאך ניט מאכען אויס יודען נאר מען זאל זיי פריהער מתרה זיין. טייל רבנים זאגען, אז מען זאל קענען זיי פראטעסטירען. די זאך איז איבערגעגעבען געווארען א קאמיסיע.

דער פאלטאווער רב ראבינאוויץ האלט עטליכע רעדעס אויף לשון קודש, רופט זיך אב דער פרילוקער רב, מען זאל ניט רעדען לשון קודש, ווייל ניט יעדער קאן. אלע הייבען אן צו רעדען פראסט יודיש און די צוויי ספרדישע רבנים פון מצרים בלייבען זיצען ווי נארונים, זיי פארשטעהען ניט וואס מען רעדט. נאכמיטאג זענען זיי נישט מעהר געקומען זיי זענען אהיים געפאהרען. דער פרי־לוקער רב האט א פנים מורא געהאט מען זאל ח״ו ניט מיינען, אז די רבנים זענען מסכים אז העברייאיש איז אונזער נאציאנאלע שפראך, און קיין שום רב האט אפילו זיינע רייד נישט געהאלטען פאר קיין עולה און אפשר מיינט איהר, אז עס זענען טאקי דא, א קשיא אויף א מעשה? עפים דייטשע רבנים וואס פארשטעהען ניט קיין לשון קודש, חלילה וחס! איהר בעליידיגט דערמיט די רבנים. דעם אנדערן טאג האט איין אונגארישער רב זיך ארויסגעהאפט, מען זאל די אנטרעגע אויפשרייבען אויף יודיש, ווייל ניט אלע פארשטעהען דאך גוט העב־רייאיש, נו, נו, ער האט זיך איינגעקויפט מפטיר. מען האט זיך אויף איהם ארויפגעהאפט און איהם ממש געוואלט דורס זיין: סטייטש ווי וואגט איהר צו זאגען, אז די רבנים פארשטעהען ניט לשון קודש? מען האט איהם ניט געלאזט ווייטער רעדען, ער האט זיך געביך פאר־ענטפערט, אז ער זאגט נאר נאך דעם פרילוקער רב'ס ווערטער, ער אליין האט דאך די רבנים ניט פארהערט. עס האט ניט געהאלפען, ער האט געמוזט מבטל זיין זיינע ווערטער און איבערבעטען די רבנים.

איצט קומט איין אנטראג וועגען דעם לערנען מיט קינדער. די רבנים זאלען מוזען השגחה האבען אויף די מלמדים און אויף די קינדער, דער גראדנער רב זאגט, אז אין א חדר זאלען נישט זיין פאר־שידענע כתות, נאר יעדער מלמד זאל לעהרנען דאס וואס ער קאן. דער פרילוקער רב וויל אסר'ן אלע נייע מעטאדעס פאר יודיש לעהר־נען. דער אילזאר רב וויל אז די מלמדים זאלען ניט איינשטעהן בײ די מאטעם אין די הענט, נאר בײ די רבנים. די מאטעם זאלען צאה־לען מלמד־געלד אין א קאסא אריין און די קאסא וועט צאהלען די מלמדים.

דער נאווידוואר רבי זאגט, מען קאן נישט ארויפלעגען אל־דינג אויפ'ן רב. מען מוז ליבער גרינדען א תלמוד תורה כללי וואו אלע קינדער ארים און רייך זאלען לערנען צוזאמען. דער למוד זאל איינ־געטיילט ווערען אין קלאסען און מען זאל דארט לערנען אויך אנדע־רע ענינים, ניט בלוים תורה. א קאמיסיע מיט'ן רב צוזאמען זאלען השגחה געבען אויפ'ן למוד און פיהרען דעם חנוך אזוי אז די קינדער זאלען טאקי קאנען וואס זיי לערנען. די רבנים זאלען יעדען חודש האלטען רעדעס פאר די תלמידים, כדי בײ זיי ליב צו מאכען דאס לערנען, דאס יודישקייט און אלע גוטע מדות.

דער פאלטאווער רב שרייט געוואלד און בעט רחמים מיט א וויינענדיג קול: דאס איז דאס א „חדר מתוקן"; ער רופט עס נאר מיט נייעם נאמען, דאס איינטיילען די תלמוד תורה אין קלאסען, און דאס דרש'ענען פאר די תלמידים, דאס איז אלץ ניט יודיש. אויף קינצלי־כעם וועג צו מאכען די קינדער פאר יודען טויג ניט.

דער בלאזענדארפער רב זאגט, אז אין קליינע קהלות וואו עס זענען נישטא קיין מלמדים זאלען די רבנים זיך נישט שעמען און מוחל זיין אליין לערנען מיט די דרדק־קינדער. מען זאל בעשליסען אז א מלאכה צו לערנען איז גאר קיין בזיון נים.

דער אונגארישע בראדער רב דאקטאר יונג (ער האט געגרינ־דעט א יודיש גימנאזיום אין זיין שטאדט, וואו מען לערנט אלע למודים פון אנדערע גימנאזיעס און מען בעקומט די גילטיג צייגנים, מען לערנט אבער אויך חומש, גמרא, רש״י, פוסקים, ווי אין א ישיבה) זאגט: ס'איז נישט גענוג צו זארגען פאר די קינדער פון די חדרים, מען מוז אויך זארגען פאר די קינדער פון די גימנאזיעס, וואס געהען אונז פארלארען, ווייל מען קוקט זיך אויף זיי נישט אום. מען זאל נישט זאגען אז זיי זענען שוין פארלארענע נשמות און עס איז שוין נישט אונזער באבעס דאגה: זיי וועלען דאך זיין אונזערע ראשי קהל און וועלען פיהרען אונזערע רעליגיאנס־זאכען. מען מוז טראכטען אז מען זאל זיי מציל זיין פון חלול שבת. און דאס איז גאנץ גוט מעגליך די רבנים זאלען נאר וועלען, מען מוז נאר פארלאנגען פון די לעהרער, זיי טארען ניט נייטען יודישע קינדער צו חלול שבת. מען מוז גרינ־דען רעליגיאנס־שולען פאר סטודענטען און זעהן אז זיי זאלען געהן דאווענען.

צו די אלע אנטרעגע זענען טייל רבנים מסכים און טייל זאגען מען טאר גישט איינפיהרען קיין נייעס, נייעס איז פסול. ישיבות מוז מען גרינגרען.

ביים אבשטימען איז אנגענומען געווארען דער אנטראג, אז די רבנים מוזען השגחה געבען אויף די חדרים און פארהערען די קינדער און תמיד וויסען וואס זיי לערנען.

דעם גאוואדוואר׳ער רבינ׳ס אנטראג וועגען תלמוד תורה כללי איז ניט אנגענומען, זיין צווייטער אנטראג אז די רבנים מוזען איינמאל אין חדש פאר די תלמודים מוסר זאגען, איז אנגענומען. דער פאלטאוואער רב קלאגט און וויינט דעריבער.

דעם בלאזענדארפער רב׳ס הצעה וועגען דעם אז לערנען מיט קליינע קינדער איז ניט קיין בושה איז בטל געווארען.

וועגען ד״ר יונג׳ס אנטראג זאגט דער פאלטאוואער צדיק: מיר דארפען ניט זארגען פאר סטודענטען. דער פרעמיסלער רב טוט אויף א חסידי׳שען שפיץ: אז מען וועט פועל׳ן, אז סטודענטען זאלען ניט דארפען שרייבען שבת, וועט דאך יעדער שיקען די קינדער אין גימנאזיום, פאר רשעים דארף מען ניט זארגען.

דיענסטאג אין דער פריה איז פארט ד״ר יונג׳ס אנטראג אנגענומען געווארען, דער פאלטאווער האלט דאס ניט אויס.

איבער דעם גראדנער רב׳ס הצעה וועגען טריי זיין דער רעגירונג האט די קאמיסיע בעשלאסען א רעזאלוציע, אז מיר מוזען טריי דיענען די רעגירונג און אזוי געוויינען אויך אונזערע קינדער און ווער עס טוט אנדערש איז עובר אויף די תורה.

נייע רבנים פון גאליציע זענען אנגעקומען און צווישען זיי דער טארנא׳ער רב ר׳ אבלי שנור און דער קאנגרעס בעקומט א נייע לעבען.

דער מאראש לודאשער רב קלאגט, אז אין די אונגארישע ישיבות געהען די בחורים ארום בעטלען אין די דערפער, דאס איז א חרפה און בושה פאר אלע יודען, מען מעג דאס מבטל זיין. מען ענטפערט איהם, אז אזוי לאנג מיר האבען ניט קיין קאסע צו דעם, קענען מיר דערפון ניט רעדען, זיין אנטראג ווערד ניט אנגענומען, ער ווערד ברוגז און געהט אוועק און קומט שוין ניט מעהר צו דער זיצונג.

דער טארנא׳ער רב וויל אז וואס מען האט נעכטען בעשלאסען זאל מען נאך אמאל פארברענגען, ווייל עס זענען צוגעקומען נייע רבנים, עס ווערד א געוואלד, א גערודער, מען הערט ניט וואס מען רעדט. דער רעש דויערט לאנג. דערנאך פארלאנגט ווידער דער טארנא׳ער רב די זיצונגען זאלען זיין בסוד, מען זאל נישט אריין לאזען פרעמדע מענשען. דער פאלטאווער רב זאגט, מיר האבען נישט קיין שום סודות, וואס מען דארף נישט טון טאר מען אפילו בסוד אויך ניט.

דער גאוואדוואר׳ער רבי קומט מיט א נייעם זעהר וויכטיגען אנטראג: די מיידליך זאלען לערנען יודיש אזוי גוט ווי די יונגלעך, זיי וועלען זיין מוטערס פאר יודישע קינדער און מוזען קענען יודיש און גישט נאר אנדערע זאכען.

דער פאלטאווער רב, אז ער האלט דאס אויס איז ער אויס אייזען, ער לאזט איהם ניט ווייטער רעדען.

מיט שווערער מיה קאן דער גאוואדוואר׳ער רבי ווייטער רעדען. ער זאגט, מען מוז היטען די מיידלעך, זיי זאלען ניט לייענען ביכער, וואס זענען ניט מאראליש, דאס הארץ טוט איהם וועה אונזער חרפה צו זאגען אפען.

דער פאלטאווער זאגט: אודאי מוז מען שעדליכע ביכער נישט לאזען לייענען, אבער צייטונג איז אויך שעדליך.

דער פרילוקער רב צירלזאהן זאגט: מען זאל גרינדען תלמוד־תורות פאר מיידלעך אזוי ווי פאר יונגלעך.

**די הצעות וועגען מיידלעך זענען אנגענומען געווארען.**

דער באהארטשאנער רב האראוויץ זאגט: מען דארף מחבר זיין איינענס נייע גוטע ספרים צו לעהרען די מיידלעך יודישקייט. דער פאלטאווער שפרינגט שיער ניט אויף. ער שרייט, מען קאן זיך ניט פארלאזען אויף א מחבר, אפילו ווען ער בעקומט א הסכמה פון א גרויסען פרומען רב.

דער גאוואדוואר׳ער רב זאגט אז א גוט ספר פאר מיידלעך איז שוין דא. מען דארף עס נישט איצט ערשט געהן שרייבען. דאס איז דעם דאקטאר הירש׳ס ספר „חורב״.

דער אנטראג איז געפאלען.

דיענסטאג נאך מיטאג האט דער טארנא׳ער רב אויסגעפיהרט מען האט קיינעם ניט אריינגעלאזט נאר די צייטונגסשרייבער.

די זיצונג האט ניט לאנג געדויערט. מען האט בעשלאסען, אז די רבנים פון יעדער מדינה בעזונדער זאלען האבען ביי נאכט עקסטרא זיצונגען און בעראטען וועגען זייערע ענינים און ברענגען צו די אלגעמיינע זיצונג פארטיגע אנטרעגע.

אינם פראגראם איז געוועזען א פונקט צו מאכען תקנות קעגען דעם לוקסוס וואס האט זיך אזוי שרעקליך פארברייטערט און ריכטעט יודיש ממון און דמים צו גרונד. נאך איין פונקט איז געוועזען צו פארביטען די רבנים צו קויפען א רבנות פאר געלד. דאס האט מיטוואך פארמיטאג געזאלט בעהאנדעלט ווערען. דער פארזיצענדער איז אבער געוועזען מיד און הייזעריק אויך דער סעקרעטער איז הייזעריק געוועזען. די זיצונג איז נישט געוועזען גאנץ אין ארדנונג. מען האט דורך דעם אבגעשאפט די דאזיגע פונקטען. מען האט נאר בעהאנדעלט דעם לעצטען פונקט וועגען גרינדען איין אגודת רבנים פון די גאנצע וועלט. די מייסטען רבנים זענען געוועזען דאגעגען ווייל די פארהעלטניסע זענען ניט איבעראל גלייך. מען האט בעשלאסען צו גרינדען אגודות רבנים אין יעדען לאנד בעזונדער אדער פון עטליכע לענדער צוזאמען.

ביים אנפאנג פון דעם קאנגרעס האט מען געשיקט א טעלעגראם צום קייזער פראנץ יאזעף. עס איז היינט פארגעלעזען געווארען די אנטווארט, וואס דער קייזער האט געשיקט פון אישל, דער גאנצער עולם האט זיך אויפגעשטעלט און געשריגען: „האך!״ דער קאנגרעס איז געשלאסען געווארען.

ש. מ. לזר.

---

# בריף פון לאדז.

## א הויז פאר יודישע קאליקעס.

איך האב אין איינעם פון מיינע לאדזער בריף אין „פאלקס־צייטונג״ געשריבען, אז ס׳וואלט א גרויסער יושר געוועזען, אז לאדזער

יודען זאלען אויך זארגען פאר א ווינקעל, וואו די יודישע קאליקעס. וועלכע שלעפען זיך אויף טריט אונ שריט ארום אין די גאסען, זאלען האבען וואו אנידער צו לעגען זייערע צעבראכענע ביינער.

ד״ר ל. וואס האט מיין בריף אין פאלקס־צייטונג געלעזען האט מיר דער נאך געזאגט, אז איך האב געהאט א טעות, דען נישט נאר אויף א ווינקעל פאר די קאליקעס וועגען, האבען מיר אין לאדז געזארגט, נאר אויך גרויסע בעקוועמע צימער מיט אלע וויגאדעס האבען מיר פאר זיי איינגעריכט, אונ אויב, זאגט ער, ווען איהר זארגט ווירקליך אזוי פאר די קאליקעס, טא בעמיהט אייך אונ פועל׳ט, אז זיי זאלען צו אונז וועלען אריין קומען, דען שוין נייט 4 חדשים ווי די צימערען מיט אלע איינגעריכטונגען זענען פארטיג, מיר האבען שוין אלעס אויך אנגעווענדט דערצו, נאר די קאליקעס ווילען באין אופן צו אונז נישט קומען, איהר וועט דאך אודאי פרעגען פאר וואס זיי ווילען נישט? דערויף איז א פראסטער תירוץ, זיי פארשטעהען דאך אז ווי באלד, מיר וועלען זיי געבען עסען, טרינקען אונ וואהנונג, קאנען זיי דאך נישט מעהר שנארען אונ בעטלען, דעריבער ווילען זיי נישט, זיי מאכען אזוי בעסערע געשעפטען אונ אזוי האט מיר דער דאקטאר אויך ווייטער דערציילט, וואו אונ ווען דאס איז געגרינדעט געווארען,—פאר א יאהרען איז אויף איינע פון די זיצונגען אין דער יודישער אלגעמיינע וואהלטעטיגקייטס־געזעלשאפט אין לאדז פארגעקומען די פראגע, וואס מען זאל מאכען מיט די יודישע קאליקעס, וועלכע שלעפען זיך אהן א שעור ארום אין די גאסען, אז עס איז אזש שרעקליך צו צו זעהן, אונ ווי אזוי צו פארבעסערען זייער לאגע איז געבליבען, אז ערשטענס זאל מען איינרייכען א ביטע אין מיניסטעריום, צו קריגען איין ערלויבניש אויף צו מאכען איין ארט פאר זיי, דאן וועט מען זוכען מיטלען ווי אזוי דאס אויסצוהאלטען, אונ אויף וואס פאר איין אופן עס איינצוריכטען. מיט א פאר מאנאט שפעטער, איז ווירקליך די ערלויבניש פון פעטערסבורג אנגעקומען, מען האט באלד איינגעבערופען א זיצונג, אונ די אויבען דערמאנטע געזעלשאפט, האט פון איהרע הכנסות צו דעם צוועק בעשטימט 2000 רובל אויף איינריכטונג אונ אנדערע אויסגאבען, דאן אויך 3000 רובל יעהרליך אויף אויסהאלטונג. מען האט געזעצט דערויף א בעזונדערע קאמיסיע פון אכט פערזאן, דערונטער אויך אייניגע יודישע דאקטוירים פון וועלכע דאקטאר ל. איז פרעזעס, אונ מען האט זיך ענערגיש אנגעהויבען נעמען צו דער זאך, א הויז דערצו האט מען אבגענומען אין דעם געביידע וואס געהער צו די אויבען דערמאנטע געזעלשאפט. אויף זאכאדניא גאס נומער 20 אין דער 4־שטאקיגער אפיצינע האט מען פארנומען דעם גאנצען ערשטען שטאק, א גרויסער זאל פון 10 פענסטער, אונ מיט די בעסטע בעקוועמליכקייטען אויף היגיענישער ארט עס איינגעריכטעט. ווי באלד ס׳איז גאר פארטיג געווארען אין מאנאט אקטאבער פארגאנגענעם יאהר, האט מען אנגעהויבען זארגען, אז די קאליקעס זאלען זיך מעלדען אום זיי דארט צו בעזעצען. מיר האבען געמיינט זאגט דער דאקטאר, אז ווי באלד די יודישע קאליקעס וועלען זיך נאר דערפון דערוויסען, וועלען זיי אלע קומען צילויפען. ווי פארוואונדערט זענען מיר אבער געווארען, אז נישט איין קאליקע האט זיך די גאנצע צייט געמאלדען, אונ נאך אזוי ווייט, אז מען האט געמוזט אויסזוכען עטליכע אדרעסען זייערע, אונ אין א געוויסען טאג איז דאקטאר ל. אונ דאקטאר ק. דירעקט אין זייערע וואהנונגען אהין געפאהרען, דאס רוב פון זיי האט מען גאר נישט געטראפען אין דערהיים, די קאליקעס האבען געוויס זייערע בעשטימטע שפרעכשטונדען, נאר די וואס מען האט יא שוין געטראפען, ווילען גלאט נישט געהן, זיי האבען דערויף פארשידענע אויסריידען. אייניגע האבען געענטפערט, אז זיי האבען ווייבער, אונ קאנען זיי אין דערהיים אליין נישט איבערלאזען, אנדערע ווידער האבען געזאגט, אז אויף א פאר שעה אין טאג, קאנען זיי אהין קומען, לענגער לוינט זיי דארט נישט צו פארבלייבען, א טייל האבען יא שוין צו געזאגט צו קומען, איז אויך א געכטיגער טאג, מען זעהט זיי אפילו נישט פאר די אויגען. אויב איהר ווילט, זאגט צו מיר דאקטאר ל. קומט אהין מאנטאג 11 א זייגער אין דערפריה אין דעמזעלבען געביידע זאכאדניא 20. עס האבען אונז דאך אייניגע קאליקעס שוין צוגעזאגט אהין צו קומען, וועלכע מיר ווילען אויך אונטערזוכען, וועט איהר דארט אלעס אויך קאנען בעזעהן, איך האב אויף זיך מן הסתם נישט געלאזט ווארטען, מאנטאג 11 א זייגער בין איך שוין געשטאנען פאר דער טיר, אונ איהם אבגעווארט, דער דאקטאר איז מיט א האלבע שעה שפעטער אנגעקומען, די ערשטע שאלה זיינע איז געוועזען— אויב עס ווארטען אויס׳ן הויף שוין עפים קאליקעס? איך האב איהם דערויף גאר נישט געקאנט ענטפערען, ווייל עס איז ווירקליך קיינער דארט נישט געוועזען, — דאס איז א באנדע יודישע שנארערס האט ער געזאגט, קומט וועל איך אייך חאטש ווייזען, זאגט ער צו מיר, וואס פ ר מיה אונ קאסטען זיי האבען אונז אומזיסט אנגעמאכט. מיר זענען צו ערשט אריין געגאנגען אין א שטוב נעמען די שליסלען, דארט איז געוועזען א פרוי, וועלכע האט אויף פארלאנגען געעפענט אייניגע גרויסע שרענק, אין וועלכע עס זענען ווי אין א מאגאזין געלעגען פאר די קאליקעס נייע אנגעפערטיגטע ווייסע וועש; פון העמדער, יאקען, לייליכער, ציכען, האנטיכער, זאקען א. ז. וו. דאן פלאשצען ווארעמע פאר מענער, אזוי אויך פאר פרויען, היטלעך אונ אפילו א גאנצע קאלעקציע פון סאמעטענע קאפלעך צום שלאפען, דאן פעדערן־בעטגעוואנד, דעקען, אויך קישענס. גייהענדיג מיט די שליסלען צו די דירות פון די קאליקעס, האט מיר דער דאקטאר געזאגט, אז די פרוי, וואס האט אונז דאס אלעס געוויזען, איז די ווירטשאפטערין, אונ זי נעמט שוין פון 2 חדשים געצאהלט, זי האט אבער נישט וואס צו טון, ווייל קיין קאליקעס קומען נישט, אריינגייענדיג אין זאל, בין איך פארוואונדערט געווארען, ווי שען אונ פראקטיש דארט אלעס איז איינגעריכטעט, עס איז איין אונגעהייער גרויסע זאל, וועלכער איז געטיילט אין צווייען, פאר מענער בעזונדער, אונ פרויען בעזונדער, דערווייל שטעהען דארט 16 בעטליך צו 8 בעטליך אין א זאל. מיר האבען אין אנפאנג, זאגט דער דאקטאר, געקלעהרט אז אויב ס׳וועט זיין ווייניג, וועט מען צו נעמען נאך אנדערע שטיבען. די לופט איז דארט זעהר פריי, ווייל ס׳איז גענוג הויך, בעזונדער איז אין יעדען פענסטער פראקטישע היגיענישע ווענטילאטארם אנגעבראכט, די לופט צו רעגולירען, אויך ראלעטען אויף די פענסטער זענען שוין אנגעמאכט, מיט איילפארב זענען די ווענט, אזוי אויך די פאדלאגע געמאלט. די אייזערנע בעקוועמע בעטלעך מיט דראט־מאטראצען, זענען עקסטרא בעשטעלט, אונ קאסטען צו 12 רובל א בעטל. ביי יעדען בעטל שטעהט אויף א נאכט־טישל. דאן שטעהען צו 2 גרויסע טישען

מיט 8 בענקלעך אין א זאל, ווי אויך 2 שענקליך, אין יעדען פון זיי צו 8 שופלאדען, דאס האט מיר דער דאקטאר ערקלעהרט איז אז יעדער קאליקע זאל האבען א בעזונדער שיפלאד אויף טלית און תפילין, אויך א ספר אוועק צו לעגען. דאן זענען דא ווייסע פארצעלאנענע וואש־שיסלען מיט וואסער־לייטונג צו וואשען. אויך 2 באד־צימער מיט די איבריגע בעקוועמליכקייטען. אויך גאז־בעלייכטונג איז דארט אנגעבראכט, עסען וועלען זיי קריגען פון דער בילליגער קיך, וואס געפינט זיך אויף דעם זעלבען הויף. אויך א דאקטאר איז בעשטימט צו קומען אלע טאג געוואהר ווערען וואס זיי מאכען. — נאכדעם ווי איך האב אלעם אזוי גענוי מיט צופרידענהייט באטראכטעט זאגט צו מיר דער דאקטאר, נו יעצט שרייבט אין אייער צייטונג, אז מיר האבען ווי איהר זעהט געטאן אלעס מעגליכע פאר די קאליקעס און זיי פארזארגט. נאר זיי ווילען צו אונז נישט קומען. לאזען חאטש די לאדזער יודען וויסען, אז מען דארף פון די קאליקעס, די שנארערס זיך די קעשענעס נישט לאזען אבגרייסען. — — אויף מיין עצה, אז מען זאל עס צו וויסען געבען די פאליציי וועט זי זיי אלע אהער ארייניאגען. האט מיר דער דאקטאר געענטפערט, ניין דאס קאנען מיר נישט טון, עס פאסט פאר אונז נישט. נאר קוים וועלען מיר זעהען נאך א פאר וואכען אז זיי קומען ווייטער נישט, וועט מען גאנץ איינפאך פארווענדען אויף איין אנדערע זאך. מיט געוואלד נייטען די קאליקעס וועלען מיר נישט. — איך בין פון דארט אוועק געגאנגען מיט פיעל עגמת נפש. איז דאס מעגליך קלער איך מיר, אז יודען זאלען שוין אזוי זיין געזונקען און זאלען זיך נאר פארלעגען אויף שנארען און בעטלען? געהענדיג א פאר שריט ווייטער, האב איך באלד בעגעגענט זיצענדיג אויפ'ן טרעטואר א יוד, וועלכער האט אזש געציטערט פאר קעלט, דאס פנים געל און איינגעשרומפען, די רעכטע האנט איז ביי איהם מיט א שמוציג טיכל אונטער געבונדען, און מיט דער אנדערער שטרעקט ער אויס איך זאל איהם עפיס געבען. אויף מיין פראגע אויב ער איז א קאליקע? ענטפערט ער מיר יא, וואלט איהר געוואלט פרעג איך איהם אריין געהן אין אזא הויז פאר קאליקעס, ווי איהר וועט נישט ברויכען זיצען און בעטלען, — איך ווייס? זאגט ער צו מיר מיט א תמ'עוואטע מינע, — וואס איז דאס פאר איין ענפער זאג איך צו איהם, ענטפערט מיר וואס כ'פרעג אייך? — נו ווייס איך ווי דארט זעהט אויס? ענטפערט ער מיר ווייטער אויפציהענדיג די פלייצעס, — וואס הייסט זאג איך ווי דארט זעהט אויס, אזוי גוט געוואהנט זענט איהר פון דערהיים, אז איהר האט מורא מ'וועט אייך דארט נישט קאנען אלע פארגניגען אנטון? איהר וועט קריגען זאג איך דארט א גוט געלעגער, ריין אנצוטוען, צו עסען און צו טרינקען, וואס נאך מעהר ברויכט איהר? — ניין נישט דאס, זאגט ער, פרעג איך, נאר מען זאגט גאר, אז זיי פארשליסען דארט, און לאזען מעהר נישט ארויס קיינעם אויפ'ן גאס. — פארשליסען זאג איך צו איהם, וועט מען אייך נישט, איהר זיצט נישט אין קיין תפיסה נאר א ודאי—דארט וואהנען און ארום געהן בעטלען וועט מען אייך נישט ערלויבען. -- נו דארף מען נישט, זאגט ער צו מיר, מיט איין ענטשלוס, און האט דאס געלע פנים פון מיר אוועק געקעהרט.

— דאס הארץ האט אין מיר ווירקליך געוויינט בעטראכטענדיג, ווי ווייט געביך דער יודישער גלות האט עס געבראכט, ער האט אונז געשאפען א פאלק פון שלעפער און שנארער, קנעכט וואס ליבען זייער קנעכט־שאפט און די גלות־שלעג די שווערע, וועלכע ווילען זיך נישט העלפען, און פארשפאטען אויך די מענשען, וואס ווילען זיי העלפען!...

אברהם פער...

---

# היינטיגע יאהרען.

פון

מ. י. בערדיטשעווסקי.

מסחרים. און די מסחרים גופא לאזען זיך אויס. אמאל האט אלץ געהאט א צורה. מע איז געוועזען א נגיד, ווייל מע האט טאקי געלעבט אין עושר און כבוד. מע האט פארדיענט, ווייל סי געוועזען פון וואנען צו פארדיענען. דער מסחר איז געוועזען א מסחר און יודען האבען געטאן. מע איז געפאהרען קיין לייפציג, צי קיין יארמאליניעץ אויפ'ן יריד טאקי מיט די גאלדענע רענדלעך, מע האט געהאנדעלט מיט פריצים, וואס ביי זיי האט דאס קערבל גאר קיין ממש ניט געהאט. פלידערן איז מען דעמאלט געגאנגען אנגעטאן פון צעהן גדולים איין ארשין, אבער די קעשעניע איז געוועזען פול. נאך שלמה פייסים איז געגאנגען אנגעטאן אלייבל פון זיין עלטערזיידען און האט פון זיך ניט געבלאזען אבער אנגעשטאפט איז ער געוועזען, הלואי אויף אונז געזאגט געווארען. וואס האט מען אמאליגע יאהרען בעדארפט? הערינג מיט ברויט, קאליש מיט שמאלץ, וואס איז שייך, א יוד מוז עפיס א זולל וסובא זיין? זעהט איהר, קינדער חתונה מאכען כיד המלך. יא, טאקי מיט די איבריגע קעסט און איידעמס בני תורה און יחוס. איז געקומען צו דער נדבה, האט מען ארויסגענומען צוויי רענדלעך אויף אמאל. ווער שמועסט אז סי געקומען א יתומה חתונה מאכען, צי ביי א שטארקען ווינטער, אז יודען פרירען און האבען ניט מיט וואס צו הייצען אין הרובע, ווער שמועסט, אז די באד איז אבגעברענט געווארען, די קלויז, אז מע דארף האבען פאר'ן כלל, שנירט מען אויף דאס בייטעלע און מע גיט און מע גיט. פאר וואס ניט, אז דער אויבערשטער העלפט, אז דו גיסט היינט אוועק אצענערל אויף אריימעלייט, האסט דו מארגען צוויי. גאט איז א בטוח פאר אלעמען. דער ארימאן האט אויך זיין שבת און זיין יום טוב. וואס איז שייך, אז יודען האבען פרנסה בכבוד און זענען ב"ה אין איינעם...

היינטיגע יאהרען איז עס ניט אזוי. די פרנסות זענען דערשלאגען און פון אלעמען ווערד א תל. נישטא מעהר די בתי מדרשים און דער ריינער קאס פון דאגות, נישטא מעהר די שטיבלעך מיט'ן תיקון, וואס סי גארניט געוועזען חמציג. נישטא מעהר יאקל ציזים, וואס אז מע איז אריינגעקומען צו איהם, האט מען זיך אנגעגעסען מיט ווארעניקעס, אז מע האט ניט געקאנט דערכען. נישטא מעהר די געהויבענע מסחרים און דאס זוברען ביי קאנטראקטען און טארגעס. אז דאס טועכץ איז היינט גאר קיין טועכץ ניט און דאס פארדיענעכץ איז ניט קיין פארדיענעכץ, אז אלץ צו וואס מע נעמט זיך, קומט מען ארויס בשן ועין, אז סי שוין גאר בעסער צו זיצען אין דערהיים און צו עסען א גרייט קערבל. אז מע לייהט ביי יענעם, איז עס לכתחילה אויף ניט אבצוגעבען, אז מע האט גארניט, אז מע ראבעוועט ניט. מיינט איהר אז מע איז גלאט אזוי אראזבאיניק און מע האט ניט קיין רחמנות אויף יענעמס געלד — אסור; אבער פון וואנען דען זאל מען נעמען, אז

מע קאן ניט פארדינען. די בעלי־מלאכות געהען נאר ארום מיט ליידיגע הענט, און א טרעגער צו זיין צי גלייט אזוי א קבצן איז גאר א מסוכנה זאך.

און נאך עפּיס: דער עולם צעפיהרט זיך גאר. אז היינט קענסט דו קיינעם ניט גלויבען פון דאנען אהין. אז הערשעלע שמעלקעס האט שוין יא דערטאפּט א הונדערטער, נעמט ער די פיס אויף די פּלייצעס און איז אין אמעריקא. האט מען אויסגעהאדעוועט א זוהן, וואס איז שוין צייט חתונה מאכען, מאכט ער א שוויינג און פאהרט אוועק קיין אדעס. וואזשי זאל ער זיצען אין דערהיים, אז סי לחלוטין ניט דא וואס צו טאן, אז אלץ לאזט זיך אוים פון טאג צו טאג. אי איז דאך די קשיא, אז סי יא אזוי שלעכט וואזשע וועט זיין דער סוף. א דאס פרעגען מיר טאקי...

---

## וואו נעמט מען?

עס איז מיר געווארען שוין מאוס
די גאנצע וועלט;
וואו נעמט מען אביסל נביאות
אהן געלד?...

וואו נעמט מען אביסל נביאות
אזוי ווי אמאל;
דאס ווארט זאל דארט פליעסען מיט חיות
און קלאר ווי קריסטאל.

דער נביא זאל דאמאלס ניט טראכטען
פון רוהם און פון נוץ —
ער זאל נאר דאס בייזעס פאראכטען
און וועקען צום גוטס;

ער זאל אין די הערצער נאר צינדען
דעם געטליכען פלאם,
ווי רויך זאל פון דארטען פארשווינדען
דער טייוולשער סם!

וואו נעמט מען א נביא פון אויבען
א הער-צו געשיקט,
ער זאל אונז אביסל דערהייבען —
מען ווערד דאך דערשטיקט!...

אברהם רייזען.

---

## אלטנייל אנד.

(פארטזעצונג).

XXIV

אין עטליכע טעג ארום איז אונזער קאמפּאניע, די פאמיליע ליט־וואק מיט איהרע געסט, איינגעשטיגען אין א גרויסען מאטאר־וואגען, אום צו פאהרען קיין טבריה צו דוד'ס עלטערן אויף פסח.

קינגסקארט האט ווי זיין טבע איז געווען זיך געוועטעלט איבער דעם גרויסען וואגען און האט איהם גערופען „נח'ס תיבה". דוד האט איהם ערקלערט אז זיי וועלען פאהרען צוזאמען עלף פּאסאזשירען און אז ער האט בכיוון גענומען א מאטאר חאטש זיי וואלטען געקאנט פאהרען מיט'ן באהן, כדי בעסער צו קאנען בע־טראכטען די געגענד, דאס בליהענדע יודישע לאנד.

פאהרענדיג האבען זיי אויפגענומען אין וואגען רעשיד ביי דעם אראבער און ארחיטעקטאר שטיינעק. דוד האט זיי ביידע איינגעלאדען צום סדר צו זיינע עלטערן קיין טבריה.

דער שליאך, אויף וועלכען זיי זענען געפאהרען, האט אלע מאל ביי אונזערע פרעמדע ארוים גערופען פארוואונדערונג און ערשטוינען די בעוועגונג איז נאטירליך געווען שוואכער ווי אין שטאדט, דאך איז עס געווען זעהר לעבעדיג. מאטאר־וואגען און וועלאסיפעדען, פוס־געהער און רייטער, טייל אין אראבישער טראכט און טייל אין אייראפּייאישער קליידונג זענען געפלויגען הין און צוריק איבער דעם גלאט געפלאסטערטעם וועג. פון ביידע זייטען קליינע הייזער און גערטנער, ווייטער א הין פארזעהעטע פעלדער און גרינע לוגען און ביי דער זייט — א שורה פון סטאלבים מיט דראהטען געצויגען.

קינגסקארט האט בעמערקט אז פון די סטאלבים זענען געצויגען אלע מאל צוויי־דראהטען אין יעדעם שטובל אריין. „איז עס טעלע־פאן־דראהטען", פרעגט ער, „און ווער וואהנט דא אין די שטובליך?"

דא וואהנען מעהרסטענטיילס בעלי־מלאכות, קלערט איהם רעשיד בי אויף, דאס איז למשל א דארף פון גאלע שוסטער און דורך די דראטען פיהרט מען זיי צו די עלעקטרישע קראפט צו זייערע מאשינען. די קראפט נעהט פון פארשיעדענע עלעקטריציטעטס־סטאנציעס, פון די ריטשקעס ביים בארג חרמון און לבנון אדער פונ'ם קאנאל ביים טויטען ים.

די בעלי מלאכות דא ערקלערט ווייטער דוד, זענען האלב ערד־ארבייטער האלב האנדווערקער. ביי ביידערליי זענען זיי פארבונדען אין ארטעלען. זייערע סחורות פארקויפט דער ארטעל צו די גרויסע ווארי. נהייזער און עקספּארטערען. דאס זעלבע איז מיט זייערע לאנד־ווירטשאפט.

דער ערך צווישען פעלדארבייט און מלאכה איז ניט אין יעדען דארף גלייך. די דערפער וואס זענען נעהענטער צו דער גרויסער שטאדט פיהרען הויפטזעכליך האנדווערק און פעלד־ארבייט איז א ביי־זאך, אזוי אז פון דער ערד ציהען זיי נאר דאס נייטיגסטע פאר זיך אליין. דאגעגען בעשעפטיגען זיך די ווייטער דערפער מעהרסטענ־טייקס מיט ערד ארבייט. הויפטזעכליך פלאנצט מען פארשיעדענע טייערע פרוכטען, וועלכע מע שיקט מיט דער באהן אין דער גאנצער וועלט אריין, קיין פאריז, בערלין, מאסקווי, פעטערבורג, אזוי זענען אונזערע דערפער צעשפּרייט אינ'ם גאנצען בליהענדען לאנד, ווי למשל דא ווייטער אינ'ם טהאל פון יזרעאל. נאר איהר זאלט זיך ניט פאר־שטעלען אונזערע דערפער ווי א מאל די פארשטויגטע נעסטען פון בויערען. איהר וועט נאך היינט מיט אונז אנקוקען א יודיש דארף וועלכעס איז א טיפ פון דעם נייעם דארף וואס די נייע געזעלשאפט האט אויפגעבויעט איבער גאנץ פאלעסטינע, פון מזרח און מערב־זייט פונ'ם ירדן.

זיי האבען געדארפט איבערפאהרען א בריק איבער'ן פּישון, דער וואגען איז געלויפען שנעלער צווישען די שענע גערטנער פון לימונעס און מאראנצען. די רויטע און געלע פרוכטען האבען געלויכ־טען פון די בלעטער ארוים. קינגסקארט שרייט אוים ענטציקט: לאז מיך דער ניט גוטער נעמען ווען דאס איז ניט איטאליע!

קולטור איז אלעס ברומט שטיינעק, מיר יודען האבען אהער געבראכט די קולטור.

האט קיין פאראיבעל ניט, זאגט רעשיד מיט א שמייכעל, דיזע קולטור איז שוין פריהער אויך געווען. נאך מיין פאטער האט דא גע־פלאנצט אראנזשען א גרויסע צאהל. דאס ווייס איך בעסער פון אונזער פריינד שטיינעק דען אט דא איז מיין פאטערס גארטען אצינד מיינער

איך וועל ניט לייקענען, ענטפערט שטיינעק. איהר האט שוין פאר אונז געהאט באיארען, אבער איהר האט פון זיי ניט געקאנט מאכען קיין ווערט. ערשט אז מיר זענען געקומען האט אלעס בעקומען א ווערט.

דאס איז אמת, ענטפערט רעשיד. דורך אייער קומען און דורך די נייע פארקעהרס־וועגען האט זיך דער עקספארט צעהן מאל אזוי פיעל פארגרעסערט און אונזערע פלאנצונגען האבען בעקומען א ווערט אויפ'ן מארק.

„איין פראגע, רעשיד ביי!" ווענדעט זיך קינגסקארט צום אראבער. די הערען וועלען מיר קיין פאראיבעל ניט האבען. אז די יודען האבען אהער איינגעוואנדערט זענען די פריהעריגע איינוואהנער ניט געגאנגען צו גרונד? איך מיין בכלל, דאן אז איינציגע מענשען האבען זיך גוט געמאכט איז נאך קיין ראיה ניט.

„חס ושלום!" ענטפערט רעשיד. „אדרבא פאר אונז אלע איז דאס געווען א ישועה. ערשטענס נאטירליך פאר די בעלי־בתים וועלכע האבען פאר זייערע פלעצער אבגענומען היבשע פרייזען ביי דער נייער געזעלשאפט, סיידען ווען עמיצער האט ניט געוואלט פארקויפען מח'ת ער האט געהאפט שפעטער נאך א בעסערען פרייז צו בעקומען. איך פאר מיר האב ניט געוואלט ווארטען און האב מיין ערד פארקויפט דער נייער געזעלשאפט, ווייל איך האב מיך אזוי בעסער אויסגערעכענט".

„איהר האט דאך ערשט געזאגט אז די גערטנער זענען אייער?"

„בפירוש! נאכדעם ווי איך האב זיי פארקויפט דער נייער גע־זעלשאפט, האב איך זיי ווידער פון איהר געדונגען אויף ארענדע".

„וואס־זשע האט איהר געדארפט פריהער פארקויפען?"

„פאר מיר איז אבער וויגאדנער געווען אריין צו טרעטען אין דער נייער געזעלשאפט, און די מיטגלידער פון דער נייער געזעל־שאפט טארען ניט האבען קיין פריוואט־איינענטום".

„פרידריכסהיים איז אלזא ניט אייערס?", פרעגט פרידריך ביי ליטוואקען.

„די ערד ניט. איך האב זי גאר געדונגען ביז צום יובל־יאהר, אזוי ווי פריינד רעשיד זיינע גערטנער".

„יובל־יאהר? איך בעט אייך, ערקלערט מיר דייטליכער, עס שיינט מיר, אז איך האב דארט אויף מיין אינזעל ווירקליך פיעל פארשלאפען".

„דאס יובל־יאהר איז ניט קיין נייעס. ס'איז איין אלטע איינ־ריכטונג פון משה רבנו, אז נאך זיבען מאל זיבען יאהר, אלזא אויף יעדען פינפציגסטען יאהר, קעהרט זיך די פארקויפטע ערד ווידער אום צו איהר פריהריגען איינענטימער. מיר האבען דאס גאר אויף אזוי פיעל איבערגעאנדערשט, אז עס קעהרט זיך אום ניט צום פארקויפער, נאר צו דער נייער געזעלשאפט, ווייל זי אליין, דאס הייסט דער כלל ישראל איז דער איינענטימער פון דער ערד. אויף דעם וועג זענען מיר געזיכערט, אז די ווערט־פארמעהרונג פון דער ערד פאלט ניט אריין צו יחידים נאר צום כלל".

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.

---

# די וועלט־געשיכטע

(ענדע).

אפשר ווילט איהר וויסען ווי אונזער איבערזעצער פארטייטשט ווערטער, וועל איך אייך אויך דערפון ברענגען א מוסטער: „ארכעא־לאגיע, דאס הייסט: די לעהרע פון אויסגעגראבענע כלים פון אמא־ליגע צייטען, פון זיי צו פארשטעהן דאס לעבען פון יענע מענשען, וואס האבען אין זייערע צייטען זיי געמאכט און מיט זיי זיך בענוצט". אמת, קורץ און פארשטענדליך? — אנדערע מלמדים פארטייטשען מיט איין ווארט: „ארכעאלאגיע איז די לעהרע איבער די אלטע צייטען" — און עס איז ריכטיג. דאס וואס ה' דינעזאהן זאגט איז אייגענטליך נאר איין חלק פון פארהיסטארישער ארכעאלאגיע. אז מען רעדט געוועהנליך פון ארכעאלאגיע, מיינט מען גראדע די פון דער היסטארישער צייט. אום זיך צו איבערצייגען ווי ווייניג אונ־זער איבערזעצער האט זיך אבגעגעבען דין וחשבון פון דעם וואס איז היסטאריש, אונהיסטאריש און פארהיסטאריש, ברויך מען איינקוקען, וואס ער שרייבט זייטע 15, מיר קענען ניט אזוי פיעל מאריך זיין.

צולעצט מוז איך דא נאך ברענגען א מוסטער פון זיין סטיל. מיר האבען געהאט דאס רעכט צו האפען פון אזא פיינעם בעלע־טריסט ווי הער דינעזאהן, ער זאל זיך ווייניגסטענס גענוי און קלאר אויסדריקען. זייטע 10 שרייבט ער פון דעם בעזעצען זיך אויף דער ערד פעסט און נעמען זיך צו ערד־ארבייט און זאגט אזוי: „צו יענער צייט איז נאך קיין געזעץ און קיין ריכטער געוועזען, וואס זאלען פארהיטען א מענשענס מיה און אייגענס, איין רעכט נאר איז דא־מאלס געוועזען: דער כח. האט א מענש עפיס דערווארבען מיט זיין כח איז דאס אזוי לאנג זיינס געוועזען, ביז עס איז געקומען א גרע־סערער כח, וואס האט עס מיט געוואלד אבגענומען. קען מען זיך פארשטעלען ווי שווער און ווי אונזיכער זיין מיה און זיין לעבען איז געוועזען. אבער טאקי דער טרויריגער צושטאנד האט זיי געצוואונגען מיטעל צו זוכען זייער לאגע צו פארבעסערן און האט זיי דעם וועג געוויזען, וואו זיי קענען דיעזע מיטעל געפינען. נאר מיט א גרעסערן כח האט מען געקאנט דאס וואס זיי האבען מיט אייגענעם כח ער־ווארבען אבהיטען. דעריבער האבען זיי אזא כח געזוכט, וואס זאל בעשטעהען נעגען די אנפאלענדע כחות אויף זיי. אזא כח האבען זיי געפונען אין געזעלשאפטליכען לעבען. אין אנהויב אין דעם, וואס זיי האבען פארמעהרט די כחות פון דער אייגענער פאמיליע, דורך נייע מענשען, וואס זענען ביי זיי געבוירען געווארען, און שפעטער אויך דורך פאראייניגען זיך מיט נאך אנדערע אזעלכע פאמיליען, וואס האבען די אייגענע שאדען געליטען ווי זיי און די אייגענע מיטעל געזוכט, ווי די שאדען צו פערמיידען. דאס צוהעלפען איינע די אנדערע נעגען אנפאלענדע כחות האט זיי ווייטער בעוויזען די נוצען פון צו העלפען איינע די אנדערע ביי דער ארבייט אויף די פעלדער און ביים בויען נייע הייזער". מיט דעם גאנצען פילאזאפישען, פינס־טערען געפלוידער האט דער איבערזעצער אייגענטליך געוואלט זאגען

נאר איין ווארט, דהיינו, אז די ערשטע קאלאניסטען האבען געמוזט צוזאמען לעבען, ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר רויבער און ווייל זיי האבען געברויכט איינער דעם אנדערנס הילף ביי דער ארבייט.— דער לעזער מיינט, ווער ווייסט, וואס פאר א חכמות דא שטעקען, און מוטשעט זיך אומזוסט. נאר אין די לעגענדען שרייבט ה' דינעזאהן א נאטירליכע שפראכע, חאטש אזוי אויספיהרליך ווי ער שרייבט זיי, פאסען זיי ניט פאר א געשיכטע, נאר פאר א קינדער־ביכל. מעהר קיין שבחים ברויך איך איהם ניט נאכזאגען. די לעזער וועלען די רעשט אויספיהרען.

די 3 מחברים פון 2־טען טייל האבען זיך פארגענומען קורץ צו זיין. פון דעסטוועגען צו שרייבען פשוט א קורצע געשיכטע ווי וועבער, אילאווייסקי, וועלטער, יעגער און טויזענד אנדערע מחברים פאסט זיי ניט. ס'טייטש די לעזער פון זייער געשיכטע האבען דאך אלע געלערנט געשיכטע אין גימנאזיע, זיי ברויכען א העכערן קורס, איין איבערזיכט. דאס האבען זיי געגעבען. מילא יודישע געשיכטע האבען טייל לעזער שוין געלייענט; עס איז דאך פריהער געדרוקט געווארען גרעץ. ווער עס האט אבער געלייענט גרעץ, ברויך זיי גאר ניט האבען און ווערד דערביי ניצל פון זייערע פעהלער. נאר גריכישע געשיכטע האט קיין זשארגאן־לעזער ניט וואו צו לייענען, און פון די 3 מחברים עפיס געוואהר צו ווערען איז שווערליך. איך קאן דאס גאנץ געוויס זאגען, אז פון הונדערט לעזער איז אויך איינער ניט אומשטאנד דערפון דאס מינדעסטע צו לערנען, אפילו א בעסערער קאפ. נאר פעהלער קענען די דריי אויך מאכען, איך וועל אייך ווייזען א ביישפיעל. זייטע 4 שמועסען די מחברים פון די קליינע פעלקער, וועלכע האבען געוואהנט אין ארץ ישראל, איידער די יודען האבען זיי איינגענומען, און די מחברים שמועסען ניט פראסט, זיי ווייסען אלעס, אפילו דאס וואס קיינער ווייסט ניט, אפילו וואס עס האט זיך ביי די פעלקער געקאכט אין טאפ. נאר וואס יעדער יוד ווייסט, ווייסען אונזערע היסטאריקער פונקט ניט, זיי שרייבען, אז די אלע קליינע פעלקער זענען געוועזען סעמיטען, פון די בני שם, און מיר האבען געלערנט פארקעהרט. אין דער פעלקער־טאפעל, בראשית 10, שטעהט: „ובני חם כוש ומצרים ופוט וכנען". אלזא די קינדער פון חם זענען געוועזען כוש, מצרים, פוט און כנען. ווייטער שטעהט: „וכנען ילד את צידון בכורו ואת חת, ואת היבוסי ואת האמורי". אלזא פון כנען זענען ארויסגעקומען צידון, חת, דער אמורי, גרגשי. דאן לעזען מיר: „ויהי גבול הכנעני מצדון באכה גררה עד עזה, באכה סדמה", די גרענעץ פון כנען איז געוועזען פון צדון, וועלכעס ליגט אויף צפון־זייט פון ארץ ישראל, ביז עזה, וואס ליגט דרומית־מערבית און ביז סדום אויף דרומית־מזרחית. דאס הייסט, אלע פעלקער פון גאנצען פאס ביים ברעג פון ים הגדול (התיכון). נו, אז כנען קומט ארויס פון חם, קומט ער דאך ניט ארויס פון שם. זענען די כנענים אלזא חאמיטען און ניט קיין סעמיטען. אפשר ווילען זיי דערויף ניט בעשטעהן, ווייל עס שטעהט נאר אין חומש, מוז איך צוגעבען, אז אלע לעצטע חקירות, די טעל־על־אמארנא־בריף און די אויסגראבונגען בעווייזען עס גאנץ קלאר. — זייטע 5 שרייבען זיי: „אמורי איז בעשטאנען פון 2 מלוכות: „חשבון און בשן". מיין חבר האט אמאל געענטפערט דעם לעהרער אויף דער פראגע: „פון וועלכע פראווינצען בעשטעהט עסטרייך?" — עסטרייך בעשטעהט פון גאליציע, בעהמען, בוקאווינע א. ז. וו. צי האבען די מחברים פארגעסען אז חשבון איז א שטאדט, ניט קיין לאנד? עס שטעהט דאך אין חומש: „חשבון עיר סיחון". חוץ מזה איז ניט אמת, אז דער אמורי איז נאר בעשטאנען פון יענע 2 מלוכות אויף יענער זייט ירדן. דער אמורי האט געהאט מלוכות אויך אויף דער זייט ירדן, מען ברויך נאר אביסל אריינקוקען אין תנ"ך, וועט זיך יעדער דערפון איבערצייגען.

דער 3 און דער 4 טייל פון ש. זענען ניט אזוי ענג געשריבען ווי דער 2־טער, נאר דאך זעהר נישט קלאר, חוץ דאס לעבען פון אלעקסאנדער דעם גרויסען, וואס לייענט זיך לייכט. פון רעמישען לעבען ווערד מען דא זעהר וועניג געוואהר. מלחמות און מלחמות ווייטער ניט, און אפילו די מלחמות זענען אויך ניט דייטליך בעשריבען. אפילו די אינטערעסאנטע פונישע קריגען אין האניבאלס מערקווירדיג גרויסע „פערזענליכקייט" בלייבען נישט אינטערעסאנט. אז העד ש. וויל, איז ער אויך א למדן — א בעל דרך־ארץ איז ער, ער רופט ניט אנדערש ווי ר' שמעון בן שטח, עזרא הנביא — ער ווייסט אפילו, אז די שפראכע פון ספר חנוך, ספר היובלים, גדולת משה איז פיעל געמיינער ווי אין תנ"ך; נאר וואס אלע יודען ווייסען, ווייסט דער היסטאריקער ווידער ניט. אט איז א מנהג צו זאגען פרק. א גוטער מנהג, מען לערנט דערביי מדות, דרך־ארץ, אויך א פרק געשיכטע; מען ווערד געוואהר, אז פון משה איז געגאנגען די תורה צו יהושע, צו די זקנים, דאז צו די נביאים; פון זיי צו די כנסת הגדולה. שמעון הצדיק איז געוועזען דער לעצטער פון די כנסת הגדולה, נאך איהם איז געוועזען אנטיגנוס, נאך איהם זענען געוועזען צו 2 פיהרער זוגות; איינער פון זיי איז געוועזען נשיא, דער אנדערער אב בית דין, דאס הייסט דעמאלט האבען זיך אנגעהויבען די סנהדרין. הער ש. שרייבט אבער: צווישען די אנשי כנסת הגדולה זענען שטענדיג געוועזען 2 זקנים, וועלכע פלעגען זיין זייערע פיהרער, זיי האבען זיך אנגערופען זוגות. און מיר האבען דאך געזעהן, אז די זוגות האבען זיך אנגעהויבען ווען די כנסת הגדולה האבען שוין לאנג אויפגעהערט. אויף אזא אופן לערנט מען געשיכטע! זייטע 17 זאגט דער מחבר: די סיבילינישע ביכער זענען געוועזען געשריבען טיילס אויף לשון הקדש, טיילס אויף גריכיש. טארקוויניוס סופערבוס האט זיי מציל געוועזען א. ז. וו. ווי קומט דער מחבר צו אזא נארישען טעות?! א לעזער, וואס ווייסט ניט ווי קליין רוים איז געוועזען אין יענע צייט, ווי ווייט עס איז געוועזען פון יודען, קאן מיינען, אז אין טארקוויניוס סופערבוס־צייטען האט מען געקאנט לשון קודש אין רוים וועניגסטענס, ווי מען קאן היינט אין ביאליסטאק און דאס איז אזוי ווייט פון אמת, אזוי ווייט!

אזוי זעהט אויס אונזער וויסענשאפטליכע ליטעראטור. זאלען מיר פארלירען די האפנונג אויף בעסערע ביכער?...

ה. קירשענבוים.

---

## ליטעראטור און קונסט

**בית ישראל.** נעשה ע"י גדולי המדקדקים וההעתקות ע"י חבר מורים מומחים פרנוגים ומלמדים להועיל. בהוצאת ש. ב. לאנדא ושותפו. ווארשא תרס"ג.

דער ספר בית ישראל איז געדרוקט מיט תרגום אונקלוס, רש"י הפטרות אונ חמש מגלות אונ דערצו נאך א נייעס: דער פירוש פון רש"י איז געדרוקט מיט רש"י־אותיות אונ נקודות. אויך "המתרגם", וועלכער איבערזעצט די גאנצע תורה אויף יודיש דייטש אונ "הפתשגן", וועלכער איבערזעצט רש"ים פירוש אויף יודיש דייטש. ארויסגעגעבען דורך ש. ב. לאנדא עט קאמפ. דערווייל זענען ארוים די ערשטע צוויי העפטען, אין וועלכע עס קומט אריין די גאנצע סדרה בראשית אונ דאס רוב פון סדרה נח.

О возрожденіи еврейскаго народа на св. землѣ его древнихъ отцовъ М. Л. Лиліенблюмъ.

(וועגען דעם אויפלעבען פון דעם יודישען פאלק אויף דאס היילינע לאנד פון מ. ל. ליליענבלום) דריטע אויפלאגע.

דאס בוך, וואס האט דעם צוועק צו באקענען דאס יודישע פובליקום, וואס לייענט נאר רוסיש מיט דעם געדאנק פון דער אויפלעבונג פון יודישען פאלק, האט באלד ווי עס איז אבגעדרוקט גע־ווארען, געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף דעם פובליקום פאר וועלכען עס איז בעשטימט, די ערשטע אונ די צווייטע אויפלאגע זענען באלד פארגריפען געווארען אונ דער ארויסגעבער ה' ש. הארנשטיין אוים אדעסא האט זעהר גוט געטאן, וואס ער האט דאס נוצליכע ווערק ארויס־געגעבען אין א דריטער אויפלאגע.

---

# אלערליי.

קעניגין דראגא אלס ראמאנען־העלדין. ווי געשווינד עס ווערד פאבריצירט ראמאנען בעווייזט דער פאקט, אז דען 11 יוני האט מען אין בעלגראד דערמארדעט דעם קעניג אלכסנדר מיט זיין פרוי דראגא אונ אין 8 טאג ארום, האט זיך אין דאס בלאט "קראנען־צייטונג" שוין אנגעהויבען דרוקען א היסטארישער ראמאן מיט דעם נאמען: "די נקמה פון דער קעניגין דראגא" אין וועלכען עס ווערד בעהאנדעלט די רציחה פון בעלגראד.

צופים ארום די וועלט אהן אקאפיקע געלד איז געגאנגען דער פראנצויזישער רייזענדער שארל מילא אין א משך פון צוויי יאהר, נישט לאנג איז דער איינענער רייזענדער געקומען קיין פעטערסבורג אונ פון דארטען וועט ער געהן צוריק נאך פאריז, פון וועלכע ער איז פאר צוויי יאהרען ארויסגעגאנגען.

---



## יודישע פרויענוועלט



### I. אלגעמיינע נייעס.

— די פרינצעסענס פון באיערישען קעניגליכען הויז האבען גע־גרינדעט א פעראיין צו שטיצען די אנטיסעמיטען אונ אויסצושליסען יו־דען פון דער רעגירונג אונ געזעלשאפטליכען לעבען. צו דעם פער־איין געהערען די פרינצעסין מאריע טהערעזיע די צוקינפטיגע קעניגין אין באיערן.

### II. יודישע נייעס.

— אין קעלן (דייטשלאנד) האט זיך א קריסט בעקאנט מיט א יודישע רייכע פריילין, זיך פארליעבט אין איהר אונ לסוף זיך מיט איהר פארקנסט. צים חתן'ס געבורטסטאג האט איהם די כלה געמאכט איין איבערראשונג, זי האט איהם געבראכט אטויף־שיין פאר איהר, איהר ברודער אונ איהר יונגערע 16 יעהריגע שוועסטער, נאר דער חתן דערזעהענדיג דעם איבערראשונג האט חרטה בעקומען אויפ'ן שדוך, ווייל ער האט זיך מיט איהר פארקנסט אונ גערעכענט חתונה צו האבען אלס יודישע פרוי, אונ אז נאך דער חתונה זאל זי אויך בלייבען א יודיש קינד. ער האלט דאס טויפען זיך פאר א לייכטזיניגקייט די גע־טרייע כלה איז געבאך איוועק מיט א לאנגען נאז.

— דער פרויען פעראיין פון "בני ברית" אין בערלין, וועלכע זארגט פאר ארימע יודישע קימפעטארענס האט אבגעדרוקט איהר חשבון. די צאהל פון די מיטגליעדער דערגרייכט ביז 500, פאריגעס יאהר האט די הכנסה פון דעם פעראיין בעטראפען 12,500 מארק.

---

# וועגען פרויען ערציעהונג.

(פארטזעצונג).

דער פאקט, אז דער שכל אונ דער געדאנק ווענדט זיך נאך דעם פערלאנגען פון הארץ איז זעהר נאטירליך אונ פערשטענדליך. דען פאר דעם מענשען איז דאך דער עיקר נישט אז ער זאל לעבען, נאר ווי אזוי ער זאל לעבען... די הויפטזאך איז דער געדאנג פון לעבען, אבער נישט דאס לעבען אליין. נאר איז דאס מעגליך, אז דער שכל געפינט פאר דעם מענשען דעם דאזיגען געדאנק? ניין, דאס קאן נישט זיין, עס איז א גרויסער טעות גאר צו טראכטען אזוי! פאר דעם שכל איז דאך דער עיקר די לאגיק, דאס הייסט די לעהרע ווי צו דענקען אונ ווער ווייסט נישט וויפיעל סארטען לאגיק האט דעם מענשענס שכל בעשאפען! די היסטאריע, וועלכע בעשרייבט ווי אזוי דעם מענשענס שכל האט זיך ענטוויקעלט בעווייזט אין א געוויסען גראד אונזערע רעד. וועלכע "לאגיק" עס איז שטארקער די האט אויך דאס רעכט צו בעשטעטיגען איהרע געדאנקען פון לעבען... עס קאן זעהר געמאלט זיין, אז אין איין וואך זאל איך לעבען מיט איינינע "געדאנקען". צו אונזער בעדויערן טרעפט דאס זעהר אפט ביי היינטיגע צייטען. היינט לעבט מען מיט די לאגיק פון דעם פילאזאף אונ מארגען מיט דעם געדאנקען פון יענעם. דאס בעווייזט אונז, אז מיר האבען נישט קיין ריכטיגען וועג־ווייזער ביים אויסקלויבען דעם געדאנק פון לעבען... מיר האבען פארגעסען דאס הארץ, מיר קאנען נישט טראכטען לויט זיין לאגיק אונ מיר הערען נישט וואס דאס הארץ פערלאנגט פון אונז. מיר פארשטעהען נישט דעם גאנץ גע־וועהנליכען געדאנק, אז נישט דער שכל מאכט דעם מענשען "פאר א מענש" אין דער בעדייטונג פון גוטסקייט, וואס מען פארשטעהט אונטער דעם ווארט מענש, נאר זיינע גוטע מדות, ווי יושר, רחמנות וכדומה. די גוטע מדות געהערען זיך כלל נישט אן מיט דעם שכל. א מענש קאן זיין קלוג אונ געבילדעט מי יודע וויפיעל אונ דערביי שלעכט אונ פערדארבען אויף דעם העכסטען גראד.

מיר ווייסען אלזא, אז דאס הארץ ווייזט דעם מענשען אן דעם געדאנק פון זיין לעבען. פערשטעהען מיר אבער אט דעם דאזיגען פשוט'ן אמת? וועלען מיר סוף כל סוף בעקומען אזא הארץ, וואס וועט זיין מסוגל צו וועלען גאר גערעכטיגקייט. דערווייל האבען מיר עס נישט, היינט זענען מיר נאך נישט מסוגל צו דעם... זענען מיר אין דעם שולדיג? ניין מען האט אונז נישט ערצויגען אויף אזא ארט מיר האבען געהאט מאמעס, וואס האבען אונז געבוירען אבער נישט מאמעס, וואס זאלען אונז ערציעהען.

(פארטזעצונג קומט).

נ. מולגער.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג "פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b. Krakau

## דר. מ. גראדזיענסקי

אָרדינאַראַר אין קליניק פיר

**אינערליכע קראַנקהייטען**

(220) 10 10 אין שפּיטאַל שוו. דוך

נעהמט אַן קראַנקע ביז האלב 11 פריה און פון האלב 3 ביז 5 נאָך מיטאג

ווארשוי, דזיקא 4 — (נאַוואָליפּקי 6)

---

## י. שעקמאַן ווארשא.

**פאַבריק פון זילבער 84 פּראַבע**

(128) עט פלאַטטע-וואַארען. 30 50




---

## היימישע מיטטאָגען!

צו מעססיגע פּרייזען, אויך פּער-שיידענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואָהנונג 7,
(192) אין טהויער, 2 שטאָק. 20-50

---

בבית מסחר הספרים

**י. ראזמאווסקי בברדיטשוב**

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאַלעווקי 34

אצל **א. צייללענגאלד** נמכרים כל מיני

(217) ספרים במקחים נמוכים. 12 50

---

פאַבריק פון פייערפעסטע 16 15 1991

## אייזערנע קאַססעס

עמפּפעהלט איהר אויס-אַרבייטונג נאָך נייעסטען סיסטעם, קאָנקורירט מיט די פּרייזען און פּערגרע-סערט די №№ געגען אַנדערע פאַבריקען פרייז קוראַנטען פראַנקאָ

**Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40**

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Копт. паров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ

---

## בית-מסחר ספרים

## ב. צ. שיינפינקעל

**ווארשא זלאָטע 63**

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים (210) בתנאים נאותים למאד. 13 50

---

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאָך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!

## ברוכבענדער עלעקטרא-גאַלוואַנישע

היילען גרינדליך נאָך קורצעם געברויך, און נאָך 3 מאָנאַטליכען טראַגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. זיי האַלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפּער, וועהרענד אַהנע עלעקטריע איז דאָס אונמעגליך. **ברוכבענדער** פיר פרויען, עלאַס-טישע גומי שטרימפּפע פיר גע-שוואָלענע פיס, ברילליען מיט וועגעציאַנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אַפּאַראַטע פיר העמעררוידען, אויך אַנדערע כירורגישע און אַפּטישע אַרטיקעל עמפּפעהלט צו פאַבריקס פּרייזען די לאַנג יעהריגע פירמאַ

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**

подъ фирмою **Александеръ**

Сенаторская 22, Варшава

דא עס האָט זיך געצייגט אז מען מאַכט נאָך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען מיר אויפמערקזאַם צו זיין אויף די אָריגינאַלע מיט'ן שטעמפּעל פון אונזער פירמאַ.

וויר בעזיצען הונדערטע דאַנקשרייבען פון די יעניגע וואָס האָבען געטראַגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעללונגען פער פּאָסט דאַרף מען נור איינשיקען דאָס מאָס פון קערפּער

149 הערום. — פּרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 16 50

די פירמאַ עגזיסטירט זייט 1885 יאָהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ. **Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאַריזער נייעסטע מאָדעלע

עמפּפעהלט דער בעקאַנטע מאַגאַזין פאַן

**דאַמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאָסטיומען**

**ד. באַראַדאָווסקי וואַרשא, לעשנאָ № 9 וואָהנ. 4**

אויפס פּערלאַנג פּערפערטיגע אַללער אַרט בעשטעללונגען

25—15 אין 24 שטונדען. 147

---

**אנשים חולים** קובץ ספורים מאת **א. ליבושיצקי.**

מכיל: חולשת המשורה, מורך, האם מנמנמת, רוצח, החולם הקטן, המפורסם, מחיי כופר בכל.

מחירו 25 ק' בלי המשלוח.

פרי הספר מוקדש לטובת המורים העברים, שסבלו מן הפרעות בקישינוב.

להשיגו בכל בתי מסחר הספרים העברים ואצל:

Издат. „Тушія" Варшава. Verlag »Tuschijah« Warschau.

5—6 בע"פ נובוליפקי 7 מעון 9 352

---

פּריוואַט-אַנשטאַלט פון קינדערטורין פון ד"ר וואַלבערג, לעשנאָ 79, וואַרשא, נעהמט אַן אָרעמע קינדער-טורינס אומזאָנסט. פיר פערמעגלי-כע בעזונדערע צימער פאַר צאָהלונג. אומזאָנסטער אַמבולאַטאָריום פיר פרויען-קראַנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (8—20) 231

---

## א גרינגע און א זיכערע פרנסה!

קאָן האָבען אין אַללע שטאָדט פון רוס-לאַנד און פּוילען, ווער עס וועט צוטרעטען אַלס שותף צו דער

**נייעסטע ערפינדונג פון 20טען יאַהרהונדערט**

צו פערריכטען אַללערהאַנד שוה-ווערק אָהן נעטה וואו עס איז נישט צו דער-קענען דעם מינדסטען צייכען פון א לאַטע עס מאַכט קיין אונטערשיעד וואָס פאַר א מין לעדער עס איז.

אַללע איינצעלהייטען אַנטוואָרטע איך אין א בריעף ווער עס שיקט אריין א מאַרקע פון 7 קאָפּ. 242 2—3

אַדרעסע: **С. АКЕРМАНЪ**

Новолипки 58, Варшава.

---

## אומזוסט אָהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אַלערליי מלבושים. אַדרעסע:

**Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.**

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאָן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן אָרט אנוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ'יכע ערקלערונג **חנם לכל דורש.**

**Я Найдичъ, Варшава.**

---

Зеркальный фабрикантъ

**ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,**

Варшава, Сливская 22.

עמפּפעהלט אַללע סאָרטען פּערגיגע שפּיגעל, אויך אַללע צוראַטען פיר שפּיגעל פאַבריקאַנטען, צו גראָססע אונד קליינע פאַבריקאַציאָן. די בעסטע עצות אין די פאַבריקאַציאָנס-געשעפט אַנגעלעגענהייט. ביליגסטע פּרייזען.

(104) 25—20

---

Оптическо-Хирургическій складъ

**И. ПИКЪ**

Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטראָ-גאַלוואַנישע מיט גומי פּעלאָטען, וועלכע האַלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפּער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאַסטישע גומי-שטרימפּפע פיר געשוואָלענע פיס, גאַרסעטען פיר גאַרבאַטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואַכע ראיה, ווי אויך אַללע אַפּטישע און כירורגישע אַר-טיקעל אין גרויסען אייסוואַהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפּפעהלט אַפּטיק

**י. פיק, נאַלעווקי 35 וואַרשא.**

אַללע וועדער צו געפּאַסט דורך ספּעציאַליסטען

234 25—5

---

בבית-מסחר-ספרים של

**ו. ש. שרעבערק, ווילנא, סטעפענג.**

נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.

Книжн. магаз. З. Ш. Среберка,

(225) Вильна. 50—8